Galsworthy, John.
Loyalitet : drame in 3 aktn 7 stsenes.
Varshe, 1928.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1893.12

**Galsworthy, John, 1867-1933.**
Loyalitet : drame in 3 aktn 7 stsenes.
Varshe : "Bzshosha", 1928.
156 p. ; 22 cm.

1. English Yiddish drama--Translations into Yiddish.--lcsh
I. Shtift, B. II. Poland-Warsaw

ID : NXYH01-B19807 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /11160

Reduction ratio X 10.0

דזשאָן גאַלסוואָרטי

# לאָיאַליטעט

(דראַמע אין 3 אַקטן 7 סצענעס)

יידיש ב. שטיפט



פאַרלאַג „בזשאָזאַ"
וואַרשע,
1928




דזשאָן גאלסוואָרטי

# לאיאליטעט

(דראַמע אין 3 אַקטן 7 סצענעס)

יידיש: ב. שטיפט





1928 פארלאג „בזשאָזא" ווארשע

# פערזאָנען:

טשאַרל ווינסאָר, גוט-באַזיצער אויף מעלדראָן קורט לעבן ניומאַרקעט.

ליידי אַדעלאַ, זיין פרוי.

פערדינאַנד דע לעוויס, אַ יונגער אויפגעקומענער גביר.

קאַפּיטאַן ראָנאַלד דענסי, אויף אורלויב.

מייבל, זיין פרוי.

מאַרגאַרעט אָרמע, אַ יונגע דאַמע פון דער געזעל-שאַפט.

גענעראַל קעניגדזש, אַ מומחה אויף פערד-געיעגן.

מאַיאָר יקאָלפאָרד, דענסיס חבר.

לאָרד סט. ערטה, אַ פער פון דער בריטישער מלוכה.

אויגוסטוס באָרינג, אַ קלוב-מענטש.

דזשייקאַב טווויסדען, סעניאָר-שעף פון דער אַד-וואָקאַטן-פירמע „טוויסדען און גרייוויטער".

עדוואַרד גרייוויטער, אַדוואָקאַט

אַ יונגער שרייבער, אָנגעשטעלט בײַ טוויסדען און גרייוויטער.

דזשילמאַן, הענדלער מיט קאָלאָניאַל-סחורות.

ריקאַרדאָס, קליינער איטאַליענישער וויין-הענדלער.

טרייסיר, ווינסאָרס הויז-פאַרוואַלטער.

ראָבערט, ווינסאָרס דינער.

אַ קלוב-דינער. זשאַנדאַרמעריע-אינספעקטאָר דעד.
אַ זשאַנדאַרם אין דעדס באַגלייטונג.

## ערשטער אקט

1. סצענע: אין שלאָף-שטוב פון טשארלז ווינסאָר אויף מעלדאָן קורט לעבן ניומאַרקעט; א נאַכט תחילת אָקטאָבער.

2. סצענע: אין שלאָף-שטוב פון דע לעוויס אויף מעל-דאָן קורט, א פּאָר מינוטן שפּעטער.

## צווייטער אקט

1. סצענע: אין שפּיל-שטוב פון א לאָנדאָנער קלוב, צווישן פיר און פינף א זייגער נאָכמיטאָג, דריי וואָכן שפּעטער.

2. סצענע: אין וווין-שטוב בא די דענסיס, צומאָרגנס פאַר-מיטאָג.

## דריטער אקט

1. סצענע: אין ביוראָ פון אלטן מר. דזשייקאָב טווייסדען, אין דער קאַנצעלאַריע פון טווייסדען עט גרייוויטער אין לאָנדאָנער אדוואָקאַטן-פערטל לינקאָ׳נס אין פיעלדס, פיר א זייגער נאָכמיטאָג, דריי חדשים שפּעטער.

2. סצענע: אין ד׳ם זעלבן ביוראָ צומאָרגנס האַלב עלף א זייגער פאַרמיטאָג.

3. סצענע: אין וווין-שטוב בא די דענסיס, א שעה שפּעטער.

„לינקס“ און „רעכטס“ פון שוישפּי ער.





# ערשטער אקט

# ערשטע סצענע.

די שלאָף-שטוב פון טשארל ווינסאָר, גוט-באַזיצער אויף מעלדאָן קירט לעבן ניומאַרקעט; אַ זייגער האַלב צוועלף באַנאַכט. די שטוב האָט בלאָס-גרויע, ליידיקע ווענט; די פוירהאַנגן פון דער באַלקאָן-טיר אינדערמיט הינטן לינקס זענען צוגעצויגן. אַ בעט באַ דער לינקער זייטן-וואַנט. אַן אָפענע טיר הינטן רעכטס פירט אין ליידי אַדעלאַס שלאָף-שטוב, אַ טיר פאָרנט רעכטס אין אַ לאַנגן קאָרידאָר. אין וועלכן עס גייען אַרויס אַ ריי פון שטובן, וואָס פאַרנעמען די גאַנצע לענג פון לינקן פליגל פון הויז. ווינסאָרס טואַלעט-טיש, איבער וועלכן ס׳ברענט עלעקטריש ליכט, שטייט רעכטס פון דער באַלקאָן-טיר מיטן פוירהאַנג. דאָס פידזשאַמאַ ליגט אויסגעשפרייט איבערן בעט, וועלכעס איז אויפגעדעקט, פאַנטאָפל שטייען גרייט. און אויך אַלע איבעריקע זאַכן, וואָס געהערן צו אַן עלעגאַנטער שלאָף-שטוב. טשאַרל ווינסאָר, אַ גרויסער, בלאָנדער, שייַנער מאַן פון אַ יאָר אַכט און דרייסיק, טוט אויס זיין פּינדזשאַק.

וויינסאָר

דו, אדעלאַ!

לײדי אדעלאַ

פון איר שלאָף-שטוב

יאָ!

וויינסאָר

שוין אין בעט?

לײדי אדעלאַ

נאָך נישט.

זי באַװײַזט זיך אין דער טיר אין שלאָף-קלײד און מאַנטל. אויך זי איז בלאָנד, פון אַ יאָר פינף-און דרײַסיק, אַ באַחנטע שײנהײט, וואָס דערמאָנט אַ פּאָרצעלאַן-פיגור

וויינסאָר

אין ברידזש געהונגען?

לײדי אדעלאַ

ניין.

וויינסאָר

ווער דען?

לײדי אדעלאַ

לאָרד סט. ערטה און פערדי דע לעוויס

וויינסאָר

דערדאָזיקער יונגער מענטש האָט צו פיל גליק — דער בחור האָט הײַנט צװײ געיעגן געוואונען; און ער איז סיי-ווי-סיי שוין אַ גרויסער גביר.

לײדי אדעלאַ

אַ! טשאַרלי, ווען איך האָב אים דאָס געלט צוגערוקט, האָט ער אויסגעזען פונקט אַזוי, ווי ער וואָלט מיר אַ טעפּיך פאַרקויפט.





וויינסאָר

שאַרנדיק מיט די פּאַנטאָפל

זײַן פאָטער האָט טאַקע פאַרקויפט טעפּיכער, אַן גראָ, אין דער סיטי.

לײדי אדעלאַ

אהאַ! און דו האָסט גאָר געהאַלטן, אַז איך האָב נישט קיין טביעת-עין! (לייגנדיק דעם פינגער אויפן מויל) מאָריסאָן איז דאָרט אי-נגעשלאָפן — בעוויייניק.

וויינסאָר

ווײַזט אויף דער טיר, וואָס זי פאַרמאַכט

אָבער פאַרן אָוונט האָט ראָני דענסי בײַ אים דאָך אָפּגענומען צען פונט.

לײדי אדעלאַ

וואָס דו זאָגסט? ווי אַזוי דען?

וויינסאָר

נישט אָנלויפנדיק, גלײַך פון אָרט, איז דענסי אַרויפגעשפּרונגען אויף אַ ביכער-שאַנק, פיר פיס הויך. דע לעוויס האָט געמוזט סילו...ן און געהאַט אויף אים תרעומות, ווײַל ער שלאָגט קאַפּיטאַל פון אַזעלכע קינדער-שטיק. דערדאָזיקער יונגער ייִד מאַכט זיך אומבאַליבט.

לײדי אדעלאַ

האָסט אפשר אויך אַ פאָראורטייל?

וויינסאָר

חס-וחלילה. מיר זענען די ייִדן סימפּאַטיש. דאָס געלט-מאַכן איז נישט קיין חסרון — אדרבא, הײַנט-צו-טאָג איז עס דווקא אַ מעלה. אָבער ער איז אַ קופּץ-בראש. דער גענעראַל זאָגט מיר, אַז ער טוט כּל התפּעלות, כּדי אין זשאָקעי-קלוב אַרײַנצוקומען. (טוט אויס די בינדע) ס'איז אַ פאַרגעניגן צוצוקוקן, ווי ער באַמיט זיך צו געווינען פאַר זיך דעם אַלטן סט. ערטה.

ליידי אדעלא

אויב לאָרד סט. ערטה און גענעראַל קעניגדוש שטיצן אים אונ־טער, וועט ער אריינקומען, ווען ער וואָלט אפילו באמת טעפּי־בער פאַרקויפט.

ווינסאָר

ער האָט אַ פּאָר זייער גוטע פערד. (די וועסט אויסטוענדיק) כ'האָב מורא, אַז ראָני דענסי איז ווידער נקי. ער האָט געהאַט אַ שלעכטן טאָג. ווען עמעצער מאַכט אַזעלכע קונצן, כדי צו גע־ווינען אַ געוועט, איז דאָס אַ זיכערער סימן. פאַרוואָס איז ער ארויסגעטרעטן פון דער אַרמיי?

ליידי אדעלא

ער זאָגט, עס וואָלט איצט געווען צו לאַנגווייליק, ווייל עס קו־מען אין ערגעץ נישט פאָר קיין מלחמות.

ווינסאָר

נו, פון געזעסן אויף נישט אַנערקענטע פערד קען ער נישט לעבן.

ליידי אדעלא

איז עס נישט געווען אַ גרויסע לייכטזיניקייט פון זיין זייט גראָד איצט חתונה צו האָבן?

ווינסאָר

יאָ, אַ מאָדנער מענטש. כ'האָב אים שטענדיק גערן געהאַט, אָבער איך ווייס נישט, וואָס איך זאָל ווענן אים טראַכטן. וואָס זאָגסטו צו זיין פרוי?

ליידי אדעלא

אַ ליב קינד, און איז בלינד אין אים פאַרליבט.

ווינסאָר

און ער?

ליידי אדעלא

פּונקט אַזוי ווי זי. זשענירן זיך לחלוטין נישט. *(מיט אַ באַוועגונג פון קאָפּ צו דער וואַנט לינקס)* זיי זענען דאָ דערלעבן.



ווינסאָר

און וועבער איז לעבן זיי אויף דער אַנדערער זייט?

ליידי אדעלא

דע לעוויס; און מאַ־גאַרעט אָרמע אין עק פון קאָרידאָר. טשאַר־לי, האָסטו שוין געטראַכט וועגן דעם, אַז פאַר אַלע פיר איז פאַראַן נאָר איין באָד־שטוב?

ווינסאָר

דאָס ווייס איך.

ליידי אדעלא

דיין זיידע האָט געמוזט זיין חסר־דעה, ווען ער האָט געלאָזט בויען דעמדאָזיקן פליגל; זעקס שטוב אין איין ריי, יעדע מיט אַ באַלקאָן, ווי אין אַ האָטעל, און נאָר איין באָד־שטוב — ווען מיר וואָלטן זיך נישט אַליין אַן אייגענע באָד־שטוב גע־לאָזט איינאָרדנען.

ווינסאָר

*אויף זיין זייגער קוקנדיק*

האַלב צוועלף. ניומאַרקעט מאַכט מיך תמיד שלעפעריק. מאַרי־סאַן קען צוליב דיר נישט שלאָפן גיין.

*ליידי אדעלא גייט צו דער טיר, וואַרפט אים צו אַ לופט־קוש*

*ווינסאָר גייט צום טואַלעט־טיש און בערשט זיך די האָר, דערביי פאַרווענדט ער אַ פּאַרפום. מען קלאַפּט אין דער טיר פון קאָרידאָר*

ווינסאָר

אַריין!

*דע לעוויס קומט אַריין, אין פּידזשאַמע און אין אַ געבלומטן שלאָף־ראָק. ער איז אַ שיינער, טונקעלער, אַ ביסל אָריענטאַליש אויסזעענדיקער יונגערמאַן. אויף זיין פּנים איז קענטיק צעטראָגנקייט.*

ווינסאָר

האַלאָ, דע לעוויס! וואָס קען איך פאַר אייך טון!

דע לעוויס

*מיט זיין אַזוי אויך אַ ביסל עקזאָטישער שטים רעדט ער דאָס ווייטערדי־*

קוקט האסטיק ארויס מיט אויפרעגונג און פארדרוס

הערט, ווינסאָר, איך באַדויער זייער שטאַרק, אָבער איך גלויב, אַז דאָס בעסטע וועט זיין, איך זאָל עס אייך זאָגן גלייך: ס'איז מיר — ע — אַקאָרשט אַ גרויסע סומע געלט געגנבעט געוואָרן.

ו ו י נ ס אָ ר

וואָס ?! (זיין שטים און זיין בליק דריקן אויס רוגזה, ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: „אין מיין הויז ?") וואָס זאָל דאָס הייסן: געגנבעט ?!

ד ע ל ע ו ו י ס

איך האָב עס אונטערן קישן אַוועקגעלייגט און בין געגאַנגען אין באַד-שטוב; אַז איך בין צוריקגעקומען, איז עס נישט געווען.

ו ו י נ ס אָ ר

מיין גאָט! וויפיל ?

ד ע ל ע ו ו י ס

קנאַפּע טויזנט פונט — ניין הונדערט און זיבציק, גלייב איך.

ו ו י נ ס אָ ר

ווידער אין טאָן פון איינגעהאַלטענער רוגזה, וואָס אַ מענטש טראָגט ביי זיך אַזוי פיל געלט

פו!

ד ע ל ע ו ו י ס

כ'האָב היינט אויפן געיעג-פּלאַץ מיין יונגע קאָבילע ראָזמאַרין דעם בוקמעקער קענטמאַן פאַרקויפט און ער האָט מיר באַצאָלט מזומן געלט.

ו ו י נ ס אָ ר

ווי? דאָסדאָזיקע פערד אָן יחוס-בריה, וואָס דענסי האָט אייך איין פרילינג געשענקט ?

ד ע ל ע ו ו י ס

יאָ, אָבער איך האָב עס פונדעסטוועגן ערשט נישט לאַנג שאַרף אויסגעפרווט. איך בין נאָר אויף אַ פערטל שעה אַרויס פון מיין שטוב און האָב די טיר געהאַט פאַרשלאָסן.



ו ו י נ ס אָ ר

ווידער מיט רוגע

איר האָט פאַרשלאָסן די — — ?

ד ע ל ע ו ו י ס

נישט באַמערקנדיק די לייכטע איראָניע

יאָ, און דעם שליסל האָב איך געהאַט מיט זיך (ער קלאַפּט זיך אויף דער טאַש) איר זעט ? (ווייזט אים זיין טייסטער) דער גנב האָט זי מיט מיינע פּאַפּירענע ספּרוזשטשלעך צום גאַנצן פול אָנגע-שטאָפּט.

ו ו י נ ס אָ ר

וואַקלענדיק זיך צווישן געפיל, אַז אַזעלכע זאַכן קענען נישט פאָרקומען און דעם באַוווסטזיין, אַז ער וועט די זאַך מוזן אויפקלערן

דאָס איז שרעקלעך און אומאָנגענעם, דע לעווים.

ד ע ל ע ו ו י ס

הארט און קאַטעגאָריש

יאָ. איך וויל מיין געלט צוריק האָבן.

ו ו י נ ס אָ ר

האָט איר אויפגעשריבן די נומערן פון די באַנקנאָטן ?

ד ע ל ע ו ו י ס

ניין.

ו ו י נ ס אָ ר

וואָסערע באַנקנאָטן זענען עס געווען ?

ד ע ל ע ו ו י ס

איין הונדערטער, דריי פופציקער, און די רעשט צו צען און פינף.

ו ו י נ ס אָ ר

וואָס זאָל איך דען איצט טון ?

ד ע ל ע ו ו י ס

אויב איר האָט נישט אויף עמעצן קיין חשד — —

ו ו י נ ס אָ ר

פעסט און צוקוקנדיק

קענט איר דען אָננעמען?

**דע לעווים**

דאַן, גלייב איך, דאַרף די פּאָליציי אין מיין שטוב אַ רעוויזיע מאַכן. ס'איז אַ גרויסע סומע.

**ווינסאָר**

מיין גאָט! מיר זענען דאָ נישט אין לאָנדאָן: איצט באַנאַכט וועלן מיר אין קיין בעסערע אָרט, ווי ניומאַרקעט נישט קענען אָנשפּאַרן — אַ מהלך פון זיבן קילאָמעטער.

*די טיר פון שלאָף-שטוב ווערט פּלוצלינג געעפנט און לײדי אַדעלאַ באַווייזט זיך. זי טראָגט דעם מאַנטל צו אַ שפּיצן-הויב איבער די האָר, וואָס זענען שוין צום שלאָפן-גיין געקעמט*

**לײדי אַדעלאַ**

*די טיר פאַרמאַכנדיק*

וואָס איז געשען? זענט איר קראַנק, מר. דע לעווים?

**ווינסאָר**

ערגער! מ'האָט אים אַ גרויסע סומע געלט צוגעגנבעט. בערך טויזנט פונט.

**לײדי אַדעלאַ**

וואָס רעדט איר? ווי?

**דע לעווים**

פון אונטער מיין קישן אָפּער, לײדי אַדעלאַ — איך האָב די טיר געהאַט פאַרשלאָסן — כ'בין געווען אין באָד-שטוב.

**לײדי אַדעלאַ**

ווי שרעקלעך אינטערעסאַנט!

**ווינסאָר**

אינטערעסאַנט! וואָס זאָל איך טון? ער וויל עס האָבן צוריק.

**לײדי אַדעלאַ**

זעלבסטפאַרשטענדלעך! (*כאַפּט זיך פּלוצלינג*) אַך! אָבער — — אַך! דאָס איז דאָך זייער אַ מיאוסע מעשה!



**ווינסאָר**

יאָ! וואָס זאָל איך טון? די דינער פון זייערע שטובן רופן? די סביבה רעווידירן? עס וועט אַרויסקומען אַ שענדלעכער סקאַנדאַל.

**דע לעווים**

ווער וווינט אין שכנות?

**לײדי אַדעלאַ**

*קאַלט*

אָ! מר. דע לעווים!

**ווינסאָר**

אין שכנות? די דענסיס אויף דער זייט און מיס אָרמע אויף דער אַנדערער זייט. וואָס געהערט זיך דאָס אָן דערצו?

**דע לעווים**

אפשר האָבן זיי עפּעס געהערט.

**ווינסאָר**

מיר וועלן זיי לאָזן רופן. אָבער דענסי איז דאָך געווען אונטן, ווען איך בין אַרויפגעקומען. רופן די מאַריסאָן, אַדעלאַ! ניין, הערט! ווי שפּעט איז דאָס אייגנטלעך געשען? מיר דאַרפן וואָס מער אַליבי-באַווייזן.

**דע לעווים**

אין משך פון די לעצטע צוואַנציק מינוט באַשטימט.

**ווינסאָר**

ווי לאַנג איז מאַריסאָן געווען בײַ דיר אויבן?

**לײדי אַדעלאַ**

איך בין אַרויפגעקומען עלף אַ זייגער און האָב תיכף נאָך איר געקלונגען.

**ווינסאָר**

*אויפן זייגער קוקנדיק*

אַ האַלבע שעה. אויב אַזוי איז איר אומשולד דערוויזן. זאָל זי מאַרגאַריט און די דענסיס אַהער בעטן — אַ חוץ זיי איז דאָך

וויינסאָר

די פֿירהאַנג פֿון דער באַלקאָן-טיר אָװעקשאַרנדיק

איר האָט פונקט אַזאַ באַלקאָן, ווי איך. איז נישט קענטיק די שפור פון אַ לייטער אָדער פון עפעס אַנדערש?

דע לעוויס

ניין.

וויינסאָר

דאָס האָט געמוזט פון דער באַלקאָן-טיר אויס געשען, אויב עמעצער האָט נישט געהאַט קיין נאָך-שליסל. ווער האָט געקענט וויסן, אַז איר האָט געהאַט דאָס געלט? ווי האָט איך קענטמאַן דאָס געלט איבערגעגעבן?

דע לעוויס

גראָד לעבן עק אין לעצטן פעדאָק.

וויינסאָר

איז עמעצער געווען דערלעבן?

דע לעוויס

אָ יאָ!

וויינסאָר

האָט איר אַ חשד?

דע לעוויס

איך האָב גאָרנישט באַמערקט.

וויינסאָר

עמעצער האָט אייך אַוודאי געזען און איז אייך דאָ אַהער נאָכ-געגאַנגען.

דע לעוויס

ווער וואָלט געקענט וויסן, וועלכע שטוב איך באַוווין?

וויינסאָר

מען איז עס ווי עס איז דערגאַנגען. (מען קלאַפּט אין דער קאָרידאָר-טיר) אַריין!



קיינער מער נישטאָ אויף דעמדאָזיקן פליגל. ניין, זאָל זי גיין שלאָפן. מיר דאַרפן נישט קיין פּליאָטקעס. אפשר וועסטו זיי אַליין רופן, אַדעלאַ?

ליידי אַדעלאַ

זיי דיך משאל-עצה מיט גענעראַל קענינדוש, טשאַרלי.

וויינסאָר

גוט. וואָלסטו אויך אים געקע-ט רופן? פאַרלאַנגט איר טאַקע די פּאָליציי, דע לעוויס?

דע לעוויס

געטראָפן פון דעם לייכטן ביטול-טאָן אין וויינסאָרס שטים

יאָ.

וויינסאָר

אויב אַזוי, הער מיך אויס, ליבע! גיי שטיל אין מיין אַרבעט-שטוב און טעלעפאָניר צו דער פּאָליציי אין ניומאַרקעט. עס וועט נאָך עמעצער אויף-זיין, זיי האָבן אוודאי דאָרט אַ פּאָר שיכורים. בינו-לבינו וועל איך טרעיסורען אַרויפרופן. (ער קלינגט)

ליידי אַדעלאַ גייט-צוריק אין שטוב, פאַרמאַכט פריער די טיר

וויינסאָר

הערט מיך אויס, דע לעוויס! מיר האָבן דאָ נישט קיין האָטעל. אַזאַ זאַך קען אין אַ לייטישן הויז נישט פּאָרקומען. זענט איר איבערצייגט, אַז איר האָט נישט קיין טעות און אַז מ'האָט אייך דאָס געלט אויפן גײעג-פּלאַץ נישט צוגעגנבעט?

דע לעוויס

אַבסאָלוט. איך האָב עס נאָך איבערגעציילט, איידער איך האָב עס אונטערן קאָפּ-קישן געלייגט; דערנאָך האָב איך די טיר פאַרשלאָסן און דעם שליסל דאָ באַהאַלטן. די שטוב, האָט נאָר איין טיר, דאָס ווייסט איר דאָך.

וויינסאָר

און די באַלקאָן-טיר?

דע לעוויס

איז געווען אָפן.

*טרייסיר, דער הויז־פאַרוואַלטער, קומט אַריין, אַ רויקער, ערנסטער מאַן פון במעט איבערנאַטירלעכער געלאַסנקייט. דע לעווים קוקט אים ביז און נאָך אַן, וואָס ווינסאָר באַמערקט און האָט אויף אים פאַריבל*

טרייסיר

*צו ווינסאָרן*

איר באַגערט, גנעדיקער הער?

ווינסאָר

ווער באַדינט מר. דע לעוויסן?

טרייסיר

ראָבערס, גנעדיקער הער.

ווינסאָר

ווען איז ער צום לעצטן מאָל געווען דאָ אױבן?

טרייסיר

ווי געוויינטלעך, אַ זייגער צען, גנעדיקער הער.

ווינסאָר

ווען האָט ער זיך געלייגט?

טרייסיר

עלף אַ זייגער האָב איך געשיקט די דינערשאַפט שלאָפן.

ווינסאָר

צי האָט ער זיך אָבער טאַקע געלייגט?

טרייסיר

אויף וויפיל איך ווייס. קען איך אפשר עפעס טון, גנעדיקער הער?

ווינסאָר

*נישט לייגנדיק קיין אכט אויף אַ צייכן פון דע לעוויס*

הערט, טרייסיר, מר. דע לעוויסן איז אין דער לעצטער האַלבער שעה אַ גרויסע סומע געלט פון זיין שלאָף־שטוב אַרויס אַוועקגעקומען.

טרייסיר

באמת, גנעדיקער הער?



ווינסאָר

אויף ראָבערסן קען מען זיך דאָך רויק פאַרלאָזן, נישט אמת?

טרייסיר

פולשטענדיק, גנעדיקער הער.

דע לעוויס

פונוואַנען ווייסט איר דאָס?

*טרייסיר קוקט אָן דע לעוויסן*

טרייסיר

איך בין נישט קיין שלעכטער מענטשן־קענער, גנעדיקער הער.

ווינסאָר

הערט נאָר, דע לעוויס. אַכציק אָדער נײַנציק באַנקנאָטן מוזן דאָך אַ היפשן פלאַץ פאַרנעמען. איר האָט זיי באַם אָוונט־מאָל נישט געהאַט בײַ זיך?

דע לעוויס

ניין.

ווינסאָר

ווו האָט איר זיי געהאַט באַהאַלטן?

דע לעוויס

אין אַ שיך, און דעם שיך אין מיין טואַלעט־קאָפער, וועלכן איך האָב פאַרשלאָסן.

*טרייסיר שמייכלט לייכט*

ווינסאָר

*ווידער אַ ביסל אויפגעבראַכט איבער דעם, וואָס אין זיין הויז ווערן אָנגענומען אַזעלכע פּאַרזיכטיקייט־מיטלען*

און איר האָט אים געפונען פאַרשלאָסן, די באַנקנאָטן אַרויסגענומען און אונטער אייער קישן געלייגט?

דע לעוויס

יאָ.

ווינסאָר

דערמאַנט זיך נאָר גוט, טרייסיר; האָט מען געזען אַ פרעמדן אין דער נאַכט?

ט ר י י ס י ר

ניין, גנעדיקער הער.

ו ו י נ ס אָ ר

די זאַך האָט אַפּנים זיך פאַרלאָפן צווישן אַ פערטל צוועלף און האַלב צוועלף. שטימט דאָס? (ד ע ל ע ו ו י ס שאָקלט מיטן קאָפּ) האָט איר אינדרויסן עפּעס באַמערקט, אַ ליאַרם, עפּעס פאַ־דעכטיקס?

ט ר י י ס י ר

נאָכדענקענדיק, זייער רויק

גאָרנישט, גנעדיקער הער.

ו ו י נ ס אָ ר

ווען האָט איר דאָס טויער געשלאָסן?

ט ר י י ס י ר

איך גלייב, אַרום אַ פערטל צוועלף, גנעדיקער הער. נאָכדעם, ווי כ'איאָר קאָלפאָרד און קאַפּיטאַן דענסי האָבן אויפגעהערט בי־לאַרד שפּילן. מעג איך פרעגן, גנעדיקער הער, וואָס מר. דע לעווים האָט געהאַט צו טון מחוץ פון זיין שטוב?

ו ו י נ ס אָ ר

ער האָט גענומען אַ באָד; ער האָט די שטוב געהאַט פאַר־שלאָסן און דעם שליסל אין דער טאַש אַריינגעלייגט.

ט ר י י ס י ר

כ'דאַנק זייער, גנעדיקער הער.

ד ע ל ע ו ו י ס

אין באַוווסטזיין פון אַ חשד, וואָס לאָזט זיך נישט באַשטימען

צים טייוול! וואָס מיינט איר אייגנטלעך? ס'איז אַזוי געווען.

ט ר י י ס י ר

כ'בעט איבער אייער כבוד, גנעדיקער הער.

ו ו י נ ס אַ ר

אַ שמייכל אונטערדריקנדיק



איר ווייסט, כרייסיר, דאָס איז אַ פאַטאַלע געשיכטע פאַר אונדז אַלע.

ט ר י י ס י ר

אמת, גנעדיקער הער.

ו ו י נ ס אָ ר

וואָס זאָגט א י ר דערצו?

ט ר י י ס י ר

לויט מיין מיינונג, גנעדיקער הער, וואָלט דאָס ריכטיקסטע גע־ווען צו ציען אַ קאָרדאָן און אַלעמען בודק צו זיין — אין אונ־דזער אייגענע אינטערעסן.

ו ו י נ ס אָ ר

איך וואָלט אונטער קיין שום אומשטענדן נישט וועלן ווער מען עס איז חושד זיין.

ט ר י י ס י ר

ווען מר. דע לעווים האָט אָבער אַן אַנדערע מיינונג, גנעדיקער הער?

ד ע ל ע ו ו י ס

שטאַמלענדיק

איך? איך ווייס נישט מער, נאָר אַז דאָס געלט איז געווען — און איצט איז עס נישטאָ.

ו ו י נ ס אָ ר

נאָכגיביק

גאַנץ ריכטיק. ס'איז אַ פיינלעכע זאַך פאַר אייך, אָבער אויך פאַר אונדז אַלע. דאַך מוזן מיר אַלדאָס מעגלעכע טון, אַז איר זאָלט אייער געלט צוריקבאַקומען.

מען קלאַפּט

ו ו י נ ס אָ ר

אַריין!

טרייסיר עפנט און גענעראַל ק ע נ י נ ד ז ש קומט אַריין

ווינסאָר

אַ, איר זענט עס, גענעראַל? קומט אַריין! אַדעלאַ האָט עס אייך געזאָגט?

גענעראַל קעניגדזש שאָקלט מיטן קאָפּ. ער איז אַ שלאַנקער מאַן פון אַ יאָר זעכציק. זעט זייער גוט אויס, בכבודיק און פאַרשלאָסן, און נאָך אַלץ אין פראַק. זיינע שאַרפע אויגן זענען שטענדיק האַלב צוגעמאַכט און זיין אויסדרוק איז קלוג

ווינסאָר

אַלזאָ גענעראַל, וואָס פאַר אַ שריט מאַכן מיר צום ערשט?

קעניגדזש

די ברעמען ארויפציענדיק

מר. דע לעווי פאָדערט דווקא דעם פאַל צו דערליידיקן?

דע לעווים

פילנדיק זיך ווידער געטראָפן

אויב איר וועט מיך נישט האַלטן פאַר צו פראָסט, גענעראַל קע-
ניגדזש — צוליב טויזנט פונט.

קעניגדזש

טרוקן

גאַנץ ריכטיק! מיר מוזן, הייסט עס, וואַרטן אויף דער פּאָליציי, ווינסאָר. ליידי אַדעלאַ האָט שוין טעלעפאָנירט. ווי הויך ליגן דידאָזיקע שטובן, טרייסיר?

טרייסיר

דריי און צוואַנציק פוס איבער דער טעראַסע, גנעדיקער הער.

קעניגדזש

איז פאַראַן אַ לייטער אין דער גאָנט?

טרייסיר

נאָר אין שטאַל איז דאָ אַ לייטער, גנעדיקער הער, ער איז אָבער זייער שווער. אין אַ שטח פון דריי הונדערט מעטער אַרום אונדזער הויז איז קיין אַנדערע לייטער נישט בנמצא.

קעניגדזש

בייט נאָר גיך אַראָפּ און זעט, צי מ'האָט אים נישט אַוועקגענו-



מען פון אָרט.

טרייסיר

גוט, גענעראַל.

גייט אַ

דע לעווים

אומרויק

נאַטירלעך, ער — איך נעם אָן, אַז איר — —

ווינסאָר

גאַנץ ריכטיק.

קעניגדזש

לאָזט בעסער אונדז איבער די זאַך, דע לעווים.

דע לעווים

געוויס; נאָר דער אופן, ווי ער — —

ווינסאָר

קורץ

טרייסיר האָט שוין אַלס יינגל דאָ געדינט: פּינקט אַזוי וואָלט איך געקענט מיך אַליין חושד זיין.

דע לעווים

פון איינעם צום אַנדערן קוקנדיק, מיט אַ פּלוצלינגדיקן כעס

נשמות, איר גלייבט — — ! וואָס האָב איך דען געזאָלט טון? פאַר ליב נעמען עס, און דעם גנב, ווער ער זאָל נישט זיין, פשוט לאָזן אַנטקומען? עס איז דאָך גאַנץ נאַטירלעך, אַז איך וויל מיין געלט צוריק האָבן.

קעניגדזש קוקט אָן זיינע נעגל, ווינסאָר — צום פענסטער אַרויס

ווינסאָר

אומדרייענדיק זיך

גאַנץ נאַטירלעך, דע לעווים.

דע לעווים

ברומט

איך גיי אַלזאָ אין מײַן שטוב. אפשר וועט איר מיר לאָזן זאָגן, ווי נאָר די פּאָליציי וועט קומען.

גייט אַפּ

ווינסאָר

הו! האָט איר שוין אַמאָל געזען אַזאַ שלאָף-ראָק?

די טיר ווערט געעפנט, ליידי אדעלא און מארגארעט אר- מע קומען ארײַן. די לעצטע איז א לעבעדיקע יונגע דאמע פון א יאר צוויי און צוואנציק, אין א מאנטל פון א לעבעדיקער פארב; זי רויכערט א פּאַפּיראָס.

ליידי אַדעלאַ

איך האָב עס געזאָגט די דענסיס — זי איז שוין געלעגן אין בעט. און איך בין מיט ניומאַרקעט פאַרבונדן געוואָרן, טשאַרל, אין שאַנדאַמעריע-אינספּעקטאָר דגד פאָרט, ווי דער ווינט, אויף א מאָטאָר-ראָד אַהער.

מאַרגאַרעט

ער האָט געזאָגט „ווי דער ווינט", אַדעלאַ? ער מוז האָבן פאַנטאַזיע. איז דאָס נישט פּראַכטפול? דער אָרימער קליינער פּערדי!

ווינסאָר

פאַרדראָסיק

איר וואָלט געמעגט די זאַך נעמען ערנסטער, מאַרגאַרעט; ס'איז גאַנץ מיאוס פאַר אונדז אַלעמען. ווען זענט איר אַרויפגעקומען?

מאַרגאַרעט

איך בין מיט אַדעלאַ אַרויפגעקומען. פאַלט אויף מיר א חשד, טשאַרל? ווי אינטערעסאַנט!

ווינסאָר

האָט איר עפּעס געהערט?

מאַרגאַרעט

נאָר דעם קליינעם פּערדי אין וואַסער פּליעסקען.



ווינסאָר

און געזען האָט איר אויך גאָרנישט?

מאַרגאַרעט

ליידער אפילו דאָס נישט!

ליידי אַדעלאַ

האַלט דעם פינגער אינדערהייך

שטילער! אַ ביסל שטילער! אָ, אָט זענען די דענסיס. קומט אַרײַן ביידע!

מייבל און ראָנאַלד דענסי קומען אַרײַן. זי איז זייער א שיינע, יונגע פרוי, צום גליק מיט קורץ געשוירענע האָר, דען זי איז אָקאָרשט אויפגעשטאַנען און געפינט זיך אין נאַכט-קלייד און אין מאַנטל. דענסי איז אין סמאָקינג. ער האָט א בלאַס, אנטשלאָסן פּנים מיט אַרויסשטאַרנדיקע באַקן-קנאָכן, קליינע, טיף-ליגנדיקע, טונקעלע אויגן, רויטלעכע געקרייזלטע האָר און דאָס אויסזען פון א רײַטער.

ווינסאָר

איך באַדויער זייער שטאַרק, וואָס כ'האָב אײַך מטריח געווען, מרס. דענסי; אָבער איר און ראָני האָט מסתמא געהערט. דע לעווי'ס שטוב איז גראָד לעבן ראָניס שלאָף-שטוב, ווי איר ווייסט.

מייבל

איך בין שוין א האַלבע שעה געשלאָפן, און ראָני איז נאָר וואָס אַרויפגעקומען.

קעניגדזש

האָט איר אפשר צופעליק פון פענסטער אַרויסגעקוקט, מרס. דענסי?

מייבל

יאָ, איך בין גאַנצע פינף מינוטן דאָרט געשטאַנען.

קעניגדזש

ווען?

מייבל

איך גלייב, עס האָט געמיזט זיין אַרום עלף. ס׳האָט שטאַרק גערעגנט.

קעניגדזש

יאָ, ס׳האָט נאָר וואָס אויפגעהערט. איר האָט גאָרנישט באַמערקט?

מייבל

ניין.

דענסי

ווען איז לויט אייערע ווערטער דאָס געלט געגנבעט געוואָרן?

ווינסאָר

צווישן אַ פערטל און האַלב צוועלף. ער האָט געזאָגט די ציפער פאַרשלאָסן און דעם שליסל מיט זיך מיטגענומען.

מאַרגאַרעט

ווי משוגעהדיק: אַקוראַט ווי אין אַ האָטעל. שטעלט ער אויך זיי־נע שיך פאַר דער טיר?

ליידי אַדעלאַ

דו באַנעמסט זיך נישט פיין, מעג!

קעניגדזש

קענט איר מיר זאָגן גענוי, ווען איר זענט אַרויפגעקומען, דענסי?

דענסי

מיט בערך צען מינוט צוריק. איך בין גראָד געהאַט אַריין אין מיין שטוב, איידער ליידי אַדעלאַ איז אַריינגעקומען. איך האָב די גאַנצע צייט געשריבן בריוו אין זאַל, נאָכדעם ווי קאָלפאָרד און איך האָבן געענדיקט שפּילן ביליאַרד.

קעניגדזש

זענט איר אין דער צווישן־צייט נישט געווען אין אייער שטוב?

דענסי

ניין.

מאַרגאַרעט

דאָס געהיימניש פון דער גרויער שטוב.



דענסי

מ׳וואָלט געדאַרפט אין דער סביבה זוכן שפּורן פון פיס.

קעניגדזש

דאָס וועט זיין די עובדא פון דער פּאָליציי.

דענסי

צום טייוול! פּאָליציי קומט?

קעניגדזש

זי מוז באַלד דאָ זיין. (מען קלאַפּט) אַריין!

טרייסיר קומט אַריין

קעניגדזש

נו?

טרייסיר

די לייטער שטייט נאָך אויף דעמזעלבן אָרט, געגנבעט. מען זעט קיין שום שפּור נישט.

ווינסאָר

נו גוט. רופט אַרויף ראָבערטן, אָבער זאָגט אים גאָרנישט, אי־בעריקנס — מיר וואַרטן אויף דער פּאָליציי.

טרייסיר

איך האָף, אַז זי וועט זיך נישט בלאַמירן, גנעדיקער הער.

גייט אָפּ

ווינסאָר

דינסטיס איז חושד טרעיסורן. (פּלוצלינג) אָבער צום טייוול, וואָס וואָלטן מיר דען געטון אויף זיין אָרט?

מאַרגאַרעט

טויזנט פונט? פון געדאַנק אַליין שווינדלט מיר שוין אין קאָפּ.

דענסי

מיר וואָלטן דאָס אוודאי גאָרנישט באַמערקט.

ליידי אַדעלאַ

ניין. אָבער ווען מיר וואָלטן עס יאָ באַמערקט?

ד ע נ ס י

וואָלטן מיר מסתמא צו אייך געקומען, פּונקט אַזוי ווי ער.

וו י נ ס אָ ר

יאָ; דער עיקר איז אָבער, ווי אַזוי מען טוט עפּעס.

ק ע נ י נ ד ז ש

מיר וואָלטן די פּאָליציי נישט גערופן.

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

ניין. ווען דעם האַנדלט עס זיך טאַקע. ווי אַ האָטעל-גאַסט.

ל י י ד י אַ ד ע ל

דער אָרימער יונגערמאַן! איך גלייב, אַז מיר זענען אײַנגערעכט לגבי אים.

וו י נ ס אָ ר

ער האָט דאָס פּערד, וואָס איר האָט אים געשענקט, דענסי, פּאַרקויפט קענטמאַנען, דעם בוקמעקער, און דאָס איז געווען דאָס געלט דערפאַר.

ד ע נ ס י

אַזוי!

וו י נ ס אָ ר

ער האָט עס גוט אויסגעפּרוווט, זאָגט ער.

ד ע נ ס י

*צאָרניק*

אויף אים קען מען דאָס גלייבן.

מ י י ב ל

אַך ראָני, וואָס פאַר אַן אָנשיקעניש!

וו י נ ס אָ ר

מ'האָט אים געמוזט דאָ אַהער נאָכגיין *(פאַר דער באַלקאָן-טיר שטייענדיק)* נאָך אַזאַ רעגן וואָלט מען געמוזט געפינען שפּורן.

*מ'דערהערט דאָס רוישן פון אַ מאָטאָר-ראָד*

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

אָט קומט דער וויגט.



וו י נ ס אָ ר

וואָס טוען מיר איצט, גענעראַל?

ק ע נ י נ ד ז ש

דאָס בעסטע וואָלט אפשר געווען, אַז מיר ביידע זאָלן דעם אינספּעקטאָר אויפנעמען אין דער שטוב פון דע לעטיס. *(צו די אַנדערע)* בלייבט אַלע אויף, ווייל דער אינספּעקטאָר אַליין וועט אפשר ווען אייך שטעלן פראַגן.

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

איך האָף, אַז ער וועט מיך לאָזן צורו: כ'בין מיד ווי אַ הונט, קום, מייבל!

*ער נעמט דעם אָרעם פון זיין פרוי*

ק ע נ י נ ד ז ש

נאָר איין מינוט, טשאַרל.

*ער גייט נאָענט צו צו וו י נ ס אָ ר ן, בשעת די אַנדערע גייען אין זייער שטובן*

וו י נ ס אָ ר

נו, גענעראַל?

ק ע נ י נ ד ז ש

מיר מוזן זיין פאָרזיכטיק, וואָס מיר זאָלן זאָגן דעם דאָזיקן אינספּעקטאָר. אויב ער וועט אין איילעניש חושד זיין אַ הויז-מענטש וועלן מיר אַריינפאַלן אין אַ זייער אומאָנגענעמער סיטואַציע.

וו י נ ס אָ ר

דאָס איז אויך מיין מיינונג.

ק ע נ י נ ד ז ש

מיר ווילן זיך דאָך נישט אַזוי לעכערלעך מאַכן, אַז מיר זאָגן ווען עס איז דאָ חשד זיין.

וו י נ ס אָ ר

זייער ריכטיק. *(מ'קלאַפּט)* אַריין!

*ט ר י ס י ר קומט אַריין*

סרייסיר

זשאַנדאַרמעריע-אינספּעקטאָר דעד, גנעדיקער הער.

ווינסאָר

בעט אים אַריין.

סרייסיר

ראָבערט וואַרפּ, גנעדיקער הער; אָבער איך האָלט געקענט שווערן, אַז ער האָט נישט די מינדסטע ידיעה.

ווינסאָר

גוט, גוט.

סרייסיר

עפנט ווידער די טיר און זאָגט

זייט אַזוי גוט, קומט אַריין!

דער זשאַנדאַרמעריע-אינספּעקטאָר קומט אַריין, אין אַ טונקל-בלויער אוניפאָרם, מיט האָנטשעס, אַ היטל מיט אַ שילד אין דער האַנט

ווינסאָר

גוטן אָוונט, אינספּעקטאָר! כ'באַדויער זייער, וואָס כ'האָב אַזאַ שפּעטער שעה אייך געמוזט מטריח זיין.

אינספּעקטאָר

גוטן אָוונט! זענט איר מר. ווינסאָר? איר זענט דאָ דער גוט-באַזיצער?

ווינסאָר

יאָ. (פאָרשטעלנדיק) גענעראַל קעניגדזש.

אינספּעקטאָר

גוטן אָוונט, גענעראַל! ווי איך הער האַנדלט עס זיך וועגן אַ גרויסער סומע.

ווינסאָר

יאָ. זאָלן מיר תיכף אַריינגיין אין דער שטוב, פון וועלכער דאָס געלט איז געגנבעט געוואָרן? ס'איז נומער איינעם פון מיינע געסט, מר. דע לעוויס, די דריטע שטוב לינקס.



קעניגדזש

מיר זענען נאָך דאָרט נישט געווען, אינספּעקטאָר; ביז איצט האָבן מיר נאָר פעסטגעשטעלט, אַז די לייטער אין שטאַל איז פון אָרט נישט גערירט געוואָרן. מיר האָבן נאָך אפילו אין דער סביבה נישט געזוכט.

אינספּעקטאָר

כ'פאַרשטיי. כ'האָב איינעם פון מיינע מענטשן מיטגעבראַכט.

זיי גייען אַרויס

פוירהאַנג

## צווייטע סצענע.

פאַר דערדאָזיקער סצענע דאַרף באַנוצט ווערן די זעלבע איינריכטונג, נאָר די מעבל דאַרפן אַנדערש געשטעלט ווערן.

די שלאָף-שטוב פון דע לעוויס האָט דעם זעלבן גרונט-שטריך, ווי ווינסאָרס שלאָף-שטוב, מיטן איינציקן חילוק, וואָס זי האָט נאָר איין טיר, וואָס פירט אַרויס אין קאָרידאָר. א הימל-בעט שטייט מיטן צוקאָפּנס צו דער וואַנט רעכטס-צו. בא זיין צופוסנס שטייט אַ שטול, אויף וועלכן דע לעוויס האָט געוואָרפן זיינע מלבושים. א טואַלעט-טיש בא דער וואַנט לינקס פון דער אָפּ-נער באַלקאָן-טיר, פון וועלכער די פוירהענג זענען צוריקגעצויגן און דורך וועלכער מ'זעט א שטיינער-נעם באַלקאָן. בא דער וואַנט רעכטס פון דערדאָזי-קער טיר א קאָמאָדע און בא דער זייטן-וואַנט לינקס א וואַש-טיש. אויף אַ קליינעם טיש רעכטס פון בעט ברענט אַן עלעקטרישער לאָמפּ און איבערן טואַלעט-טיש ברענט אויך אַ ליכט. דער אינספעקטאָר שטייט גאַנץ איגדערמיט פון שטוב און קוקט אויפן בעט, דע לעוויס שטייט פאַר דער שטול באַם צופוסנס פון בעט, ווינסאָר און קעניגדזש — גאַנץ נאָענט פון דער קאָרידאָר-טיר פאַרנט רעכטס.

### אינספעקטאָר

א נאָטיץ פאַרענד קנדיק

אזוי האָט, הייסט עס, די שטוב אויסגעזען, ווען איר זענט גע-גאַנגען אין באָד-שטוב; איצט ווייזט אונדז גענוי, וואָס איר האָט געטון נאָכדעם, ווי איר האָט דעם טייסטער פון טואַלעט-קאָפער ארויסגענומען. ווו איז ער דען געשטאַנען?

### דע לעוויס

ווייזנדיק

ווו ער שטייט איצט — אונטערן טואַלעט-טיש.

ער שטעלט זיך פאַר דער פאָדערשטער זייט פון שטול, עפנט דעם טייס-טער, טוט אזוי, ווי ער וואָלט זיינע פאַפּיר-סערוועטן געציילט, פאַרמאַכט דעם טייסטער און לייגט אים אוועק אונטערן קישן. מאַכט א באַוועגונג, ווי ער וואָלט זיין פּידזשאַמאַ אין די האַנט גענומען, גייט פאַרביי דעם אינספעקטאָר צום וואַש-טיש צו, נעמט א באָד-שוואָם, גייט צו דער טיר, ציט ארויס דעם שליסל פון שלאָס און עפנט זי.

### אינספעקטאָר

גאָטירנדיק

מיר האָבן איצט גענוי פעסטגעשטעלט, ווי די שטוב האָט בשעת דער גנבה אויסגעזען. ווען מיר ווילן זיך איצט מאַכן אַ בילד, ווי אַן איינברעכער אַרבעט, ווו וואָלט דער גנב צום ערשט דאָס געלט געזוכט? אין די מלבושים, אין טואַלעט-טיש, אין דער קאָ-מאָדע און צום סוף אין בעט.

תוך-כדי-דיבור גייט ער פון איין חפץ צום צווייטן און איז מיט א פאַר-גרעסער-גלאָז בודק דאָס שפיגל-גלאָז, דעם אויבן-אויף פון טואַלעט-קאַ-פער און די אָנגעמערס פון דער קאָמאָדע, זוכנדיק פינגער-אָפּדרוק.

### קעניגדזש

אין א זייט צו ווינסאָרן

ס'איז אוודאי געווען פונקט קאַפּויר.

דער אינספעקטאָר קריכט אויף הענט און פיס און איז בודק דעם טעפּיך צווישן פענסטער און בעט

דע לעוויס

קען איך ווידער אַריינקומען?

אינספעקטאָר

אויפשטייענדיק

האָט איר די באַלקאָן־טיר אויפגעמאַכט, אָדער זי איז געווען אָפן, ווען איר זײַנט אַריינגעקומען?

דע לעוויס

איך האָב זי אויפגעמאַכט.

אינספעקטאָר

די פֿירהאַנג צום ערשט צוריקגעצויגן?

דע לעוויס

יאָ.

אינספעקטאָר

שאַרף

ווייסט איר אויך זיכער. אַז ס'איז נאָך פֿריִער עמעצער נישט געווען אין שטוב?

דע לעוויס

פֿאַרבליפֿט

דאָס ווייס איך נישט. וועגן דעם האָב איך גאָרנישט געטראַכט. אונטערן בעט האָב איך נישט געקוקט, אויב איר זײַנט דאָס אויסן.

אינספעקטאָר

נאָכטירנדיק

„האָט אונטערן בעט נישט געקוקט". האָט איר געקוקט אונטערן בעט נאָכדעם, ווי דאָס געלט איז געגנבֿעט געוואָרן?

דע לעוויס

ניין, אויך דאָס נישט.

אינספעקטאָר

אָ! נו, וואָס האָט איר אײַגנטלעך געטון, ווען איר זײַנט געקומען פֿון באָד? אינפֿאָרמירט אונדז גאַנץ גענוי.



דע לעוויס

איך האָב די טיר פֿאַרשלאָסן און דעם שליסל געלאָזט שטעקן. דעם שלאָם צוריקגעלייגט און מײַן שלאָף־ראָק אויסגעטון און אים דאָ אַוועקגעלייגט (ווײַזט אויפֿן צופֿוסנס פֿון בעט) דאַן האָב איך ווידער די פֿירהאַנג צוגעצויגן.

אינספעקסאָר

און די באַלקאָן־טיר פֿריִער צוגעמאַכט?

דע לעוויס

ניין. כ'האָב מיך געלייגט אין בעט אַרײַן און גענומען דעם זייגער אַ קוק טון, ווי שפּעט ס'איז געווען. מײַן האַנט האָט אָנגערירט דעם טייסטער און עס איז מיר אויסגעקומען, אַז ער טאַפּט זיך דינער. איך האָב אים אָפּערגענומען, אַרײַנגעקוקט און געזען, אַז די באַנקנאָטן פֿעלן און אויף זייער אָרט זענען געלעגן דידאָזיקע פּאַפּירענע סטרוועטשקעלעך.

אינספעקטאָר

ביטע, ווײַזט זיי מיר! (באַטראַכט זיי מיטן פֿאַרגרעסער־גלאָז) און דערנאָך?

דע לעוויס

איך גלייב, איך בין געזעסן אויפֿן בעט.

אינספעקטאָר

איר האָט זיך אוודאי איבער דעם פֿאַרטראַכט און אַ ביסל געשאָלטן, נישט אמת?

דע לעוויס

דאַן האָב איך מײַן שלאָף־ראַק אָנגעטון און בין תּיכּף צו מר. ווינסאָר געגאַנגען.

אינספעקטאָר

און די טיר דאָס מאָל נישט פֿאַרשלאָסן?

דע לעוויס

ניין.

אינספעקטאָר

אהאַ! (מיט אַ גרויסער אנטשלאָסנקייט) איצט זאָגט מיר, כ'בעט אייך; ווי שפּעט זענט איר אַרויפגעקומען?

דע לעוויס

אַרום עלף.

אינספעקטאָר

זאָגט מיר, כ'בעט אייך, געניער, אויב ס'איז מעגלעך?

דע דעוויס

נו, איך ווייס באַשטימט, אַז ס'איז געווען אַ פערטל אויף צוועלף, ווען איך האָב מיין זייגער אונטערן קישן געלייגט, איידער איך בין אין באַד-שטוב געגאַנגען, און איך גלייב, אַז בערך אַ פערטל שעה האָט געדויערט דאָס אויסטון זיך. ס'האָט אַלזאָ זיכער גע-כּוזט זיין נאָך עלף אַ זייגער.

אינספעקטאָר

בלויז אויסגעטון זיך? האָט איר נישט אויך אייער געווער-בוך דורכגעבלעטערט?

דע לעוויס

ניין.

אינספעקטאָר

נישט געדאַווענט, אָדער עפּעס אַנדערש געטון?

דע לעוויס

ניין.

אינספעקטאָר

ווי געוויינטלעך שנעל פאַרטיק געוואָרן מיטן אויסטון זיך?

דע לעוויס

יאָ. לאָמיר זאָגן: פינף מינוט נאָך עלף.

אינספעקטאָר

מר. ווינסאָר, ווען איז דער העד צו אייך געקומען?

ווינסאָר

האַלב צוועלף אַ זייגער



אינספעקטאָר

ווי אַזוי קענט איר דאָס גענוי פעסטשטעלן?

ווינסאָר

איך האָב גראַד געהאַט געקוקט אויפן זייגער און געזאָגט מיין פרוי, אַז זי זאָל איר קאַמער-דינערין שיקן שלאָפן.

אינספעקטאָר

נאָטירנדיק

מיר שטעלן אַלזאָ פעסט: צווישן אַ פערטל צוועלף און האַלב צוועלף. איצט, איידער מיר וועלן דעם ענין ווייטער באַטראַכטן, וואָלט איך וועלן רעדן מיט אייער הויז-פאַרוואַלטער און מיט דעם מענטש, וואָס באַדינט דעמדאָזיקן הער.

ווינסאָר

פאַרדראָסיק

גוט, אינספעקטאָר; אָבער — מיין הויז-פאַרוואַלטער האָט שוין אַלס יינגל דאָ געדינט.

אינספעקטאָר

כ'פאַרשטיי. דאָס איז נאָר צוליב אָרדנונג.

ווינסאָר

גענעראַל, ווילט איר קלינגען?

קענינדזש דריקט אויף אַ גלעקל בים בעט

אינספעקטאָר

אַלזאָ, מיינע הערן, פאַראַן דאָ פיר מעגלעכקייטן. אָדער דער גנב איז אין משך פון דער גאַנצער צייט דאָ געווען, האָט גע-וואַרט אונטערן בעט און זיך אַרויסגעשאַרט, בשעת דער הער איז צו מר. ווינסאָרן אַריבערגעגאַנגען. אָדער ער איז אַריינגע-קומען מיט אַ שליסל, וועלכער האָט געפּאַסט צום שלאָס; און דעריבער מוז איך איצט פּרוּוון אַלע שליסלען אין הויז. אָדער ער איז מיט אַ נאַכשליסל אַריינגעקומען און דורך דער באַלקאָן-טיר אַרויס און איז דאַן מסתמא פון באַלקאָן אַראָפּגעשפּרונגען. אָדער ער איז מיט דער הילף פון אַ זייל אָדער אַ לייטער אין דער באַלקאָן-טיר אַריינגעקומען און איז אויף דעמזעלבן אופן ווידער

אַרויס. (ווייזנדיק) אָט דאָרט זעט מען שפּורן פון אַ גרויסן שטיוול, וואָס איז געווען אינדרויסן, ווייל עס האָט אָנגעהויבן צו רע־גענען.

קעווינדזש

אינספּעקטאָר, איר — ע — זענט דאָך אַליין צו דער באַלקאָן־טיר געגאַנגען, ווען איר זענט נאָר אין שטוב אַריינגעקומען.

אינספּעקטאָר

דאָס האָב איך נישט פאַרזען, גענעראַל.

קעווינדזש

מסתמא נישט.

אַ קלאַפּ אין דער טיר פאַרלייכטערט אַ געוויסע שפּאַנונג

ווינסאָר

אַריין!

דער דינער ראָבערט, אַ יינגערמאַן מיט אַ פרישן פּנים, קומט אַריין.

טרייסיר באַגלייט אים

אינספּעקטאָר

איר באַדינט מר. — מר. דע לעוויסן, נישט אמת?

ראָבערט

יאָ, הער אינספּעקטאָר.

אינספּעקטאָר

ווען האָט איר זיינע מלבושים און שיך גענומען?

ראָבערט

צען אַ זייגער, הער אינספּעקטאָר.

אינספּעקטאָר

ווי אים באַפאַלנדיק

האָט איר צופעליק אונטער זיין בעט געקוקט?

ראָבערט

ניין, הער אינספּעקטאָר.

אינספּעקטאָר

האָט איר די מלבושים צוריק אַרויפגעבראַכט?



ראָבערט

ניין, הער אינספּעקטאָר, זיי זענען נאָך אונטן.

אינספּעקטאָר

זענט איר דערנאָך נאָכאַמאָל אַרויפגעקומען?

ראָבערט

ניין, הער אינספּעקטאָר.

אינספּעקטאָר

ווי שפּעט זענט איר געגאַנגען שלאָפן?

ראָבערט

גראָד נאָך עלף, הער אינספּעקטאָר.

אינספּעקטאָר

קוקט אים פאָרשנדיק אָן

גיט אַכטונג, וואָס איר זאָגט איצט. זענט איר בכלל געגאַנגען שלאָפן?

ראָבערט

ניין, הער אינספּעקטאָר.

אינספּעקטאָר

פאַרוואָס זאָגט איר דעם היפך? ס'האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ גנבה און אַלץ, וואָס איר זאָגט, קען אויף אייך אַרויפוואַרפן אַ חשד.

ראָבערט

יאָ, הער אינספּעקטאָר. כ'האָב נאָר געוואָלט זאָגן, אַז איך בין געגאַנגען אין מיין שטוב.

אינספּעקטאָר

וו איז אייער שטוב?

ראָבערט

אין פאַרטער, אין סאַמע עק פון רעכטן פליגל, הער אינספּעק־טאָר.

ווינסאָר

ס'איז דער סאַמער עק פון הויז פונדאַנען אויס, אינספּעקטאָר.

רופט אים צוריק!

טרײסיר רופט „ראָבערטס!“ און דער דינער קומט װידער אַרײַן

ר אָ ב ע ר ט

ביטע, הער אינספּעקטאָר!

א י נ ס פּ ע ק ט אָ ר

האָט זיך אײַך נישט עפּעס געחידושט אין די מלבושים פֿון מר. דע לעװיס?

ר אָ ב ע ר ט

נאָר דאָס אײנע, װאָס זײ זענען זײער פֿײַן, הער אינספּעק־טאָר.

א י נ ס פּ ע ק ט אָ ר

איך מײן — עפּעס אױסערגעװײנטלעכס?

ר אָ ב ע ר ט

נאָך אַ ביסל טראַכטן

יאָ, הער אינספּעקטאָר.

א י נ ס פּ ע ק ט אָ ר

נו?

ר אָ ב ע ר ט

זײַנע פּאָר שיך זענען באַשטאַנען נאָר פֿון אײן שיך.

א י נ ס פּ ע ק ט אָ ר

װאָס האָט איר זיך דערבײ געטראַכט?

ר אָ ב ע ר ט

איך האָב געגלײבט, אַז ער האָט אײן שיך אפשר נאָכגעװאָרפֿן אַ קאַץ, אָדער מײס איך װאָס.

א י נ ס פּ ע ק ט אָ ר

האָט איר דעם שיך געזוכט?

ר אָ ב ע ר ט

נײן, הער אינספּעקטאָר; איך האָב בדעה געהאַט מר. דע לעװיסן מאָרגן אין דער פֿרי אױפֿמערקזאַם צו מאַכן.



ער האָט זײַן שטוב בשותּפֿות מיט די בײדע אַנדערע דינער.

א י נ ס פּ ע ק ט אָ ר

זענט איר געװען אַלײן?

ר אָ ב ע ר ט

נײן, הער אינספּעקטאָר. טאָמאַס און פֿרעדעריק זענען אױך דאָרט געװען.

ט ר י י ס י ר

ס׳שטימט; איך האָב זײ געזען.

א י נ ס פּ ע ק ט אָ ר

געבנדיק מיט אַן אױפֿגעדרײבענער האַנט אַ צײכן צו שװײַגן

האָט איר די שטוב פֿאַרלאָזט נאָכאַמאָל נאָכדעם, װי איר זענט דאָרט געװען?

ר אָ ב ע ר ט

נײן, הער אינספּעקטאָר.

א י נ ס פּ ע ק ט אָ ר

איר זענט דאָך נישט געגאַנגען שלאָפֿן, װאָס דען האָט איר געטון?

ר אָ ב ע ר ט

צו װינטאָרן

איך בעט מיר מוחל זײַן, גנעדיקער הער, מיר האָבן געשפּילט ברידזש.

א י נ ס פּ ע ק ט אָ ר

גוט, איר קענט גײן. מיט די אַנדערע װעל איך שפּעטער רעדן.

ר אָ ב ע ר ט

יאָ, הער אינספּעקטאָר. זײ װעלן זאָגן דאָס אײגענע, װאָס איך.

ער גײט אַרױס און לאָזט איבער אַ שמײכל אױף אַלעמענס פּנימער, אַ חוץ דעם אינספּעקטאָרס און דע לעװיס

א י נ ס פּ ע ק ט אָ ר

שאַרף

אינספעקטאָר

גוט.

ראַבערטס

יאָ, הער אינספעקטאָר.

אינספעקטאָר

דע לעוויסן אַנקוקנדיק

דאָס באַשטעטיקט אַלזאָ אייער שילדערונג.

דע לעוויס

שטייף

איך פאַרשטיי נישט, צוואָס זי דאַרף ערשט באַשטעטיקט ווערן, אינספעקטאָר.

אינספעקטאָר

פון דער פּראַקטיק ווייס איך, אַז וויפיל מען זאָל נישט חוקרי ודורש זיין, איז עס קיינמאָל נישט צו פיל. (צו ווינסאָרן) ווי איך הער, איז אַ דאַמע אין שטוב אויף דער זייט (ווייזט לינקס) און אַהער אויף דער זייט (ווייזט רעכטס). זענען זיי ביידע געווען אין זייערע שטובן?

ווינסאָר

מיס אָרמע יאָ, קאַפּיטאַן דענסי ניין.

אינספעקטאָר

איז זיי די זאַך באַקאַנט?

ווינסאָר

יאָ.

אינספעקטאָר

דאַן וואָלט איך וועלן אַ מינוט פּרווון די שליסלען פון זייערע שטובן. דער זשאַנדאַרם אין מיין באַגלייטונג וועט זיי ברענגען. (עפנט די טיר און רעדט צו אַ זשאַנדאַרם אין קאָרידאָר. צו טריי-סירן) איר קענט אים באַגלייטן. (טרייסיר גייט אַפּ) בינו-לבינך וועל איך דעם באַלקאָן בודק זיין.

ער גייט אַרויס אויפן באַלקאָן. דע לעוויס גייט אים נאָך



ווינסאָר

צו קעניגדזשען

דער טייוול זאָל נעמען דע לעוויסן צוזאַמען מיט זיין געלט! אַ גרויסע געמיינהייט, דידאָזיקע גאַנצע מעשה גענעראַל!

קעניגדזש

דער אינספעקטאָר איז קיין שישקע פולווער נישט ווערט.

גלייכצייטיק קומען אַריין אין שטוב דער אינספעקטאָר פון באַלקאָן און טריי-סיר מיטן זשאַנדאַרם פון קאָרידאָר

זשאַנדאַרם

גיט איבער דעם אינספעקטאָר אַ שליסל

צו דער שטוב לינקס, הער אינספעקטאָר (גיט איבער דעם צווייטן) צו דער שטוב רעכטס, הער אינספעקטאָר.

דער אינספעקטאָר פּרוווט די שליסלען אין שלאָס, די איבעריקע קוקן זיך צו געשפּאַנט. די שליסלען פּאַסן נישט

אינספעקטאָר

גיט די שליסלען צוריק.

דערלאַנגט זיי דעם זשאַנדאַרם וועלכער גייט אַרויס, באַגלייט פון טריי-סירן

אינספעקטאָר

איך וועל לײַדער מוזן פּרוּוון יעדן שליסל אין הויז.

ווינסאָר

אינספעקטאָר, האָלט איר עס טאַקע פאַר נויטיק צו אַלאַרמירן דאָס גאַנצע הויז און אויפוועקן אַלע מיינע געסט? די גאַנצע זאַך איז זייער אַ פּיינלעכע, פאַרשטייט איר מיך. דער אָנווער פון געלט איז נישט אַזאַ וויכטיקער ענין. מר. דע לעוויס האָט זייער גרויסע הכנסות.

קעניגדזש

איר האָלט פון קענטמאַכן, דעם בוקמעקער, געקענט זיך דער-וויסן די נומערן פון די באַנקנאָטן, אינספעקטאָר. ער האָט אַוודאי די גרויסע באַטירט.

אינספעקטאָר

שאָקלענדיק מיטן קאָפּ

אַ בוקמעקער! כ׳בין מסופּק. דאָס געלט קומט און גייט אַוועק באַ זיי זייער לייכט.

ווינסאָר

מיר ווילן דאָך קיין עפנטלעכן סקאַנדאַל נישט אַרויסרופן, אינספּעקטאָר.

אינספּעקטאָר

אַלזאָ, מר. ווינסאָר, איך בין געקומען צו געוויסע מסקנות. (בשעת ער רעדט, קומט דע לעוויס פון באַלקאָן אין שטוב אַריין) און איך וויל כּלל נישט זאָגן, אַז עס מוזן דערפאַר אַלע שליסלען געפּרוּווט ווערן; שטרענג גענומען, דאַרף איך אָבער יעדע מעגלעכקייט נעמען אין באַטראַכט.

ווינסאָר

וואָס זאָגט איר דע לעוויס? ווילט איר, אַז יעדער אין הויז זאָל אויפגעוועקט ווערן, כּדי מען זאָל די שליסלען קענען פּרוּוון?

דע לעוויס

וואָס זיין פּנים דריקט זייט זיין צוריקקומען אויס אַ משונהדיקע אויפרעגונג

ניין, דאָס וויל איך נישט.

אינספּעקטאָר

אַלזאָ גוט, מיינע הערן. לויט מיין מיינונג איז דער גנבֿ אַריינגעקומען נאָך איידער די טיר איז פאַרשלאָסן געוואָרן, מסתּמא בשעת דעם אָוונט-מאָל, און ער איז אונטערן בעט אַרונטערגעקראָכן. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון באַלקאָן און אויף אַזאַ אופן אַנטקומען — די וויקל-פלאַנצן דאָרט לינקס באַם עק (ער ווייזט לינקס) זענען שטאַרק אָפּגעריסן געוואָרן. איך גיי איצט אַראָפּ די סביבה בודק זיין און וועל אייך דערנאָך אַ באַריכט אָפּגעבן. (ער נאָטירט זיך נאָך עפּעס אין זיין טאַשן-בוך) אַ גוטע נאַכט, מיינע הערן!



קעניגדזש

אַ גוטע נאַכט!

ווינסאָר

לייכטער אָפּטעמענדיק

איך באַגלייט אייך, אינספּעקטאָר.

ער באַגלייט אים צו דער טיר און זיי גייען אַרויס

דע לעוויס

גענעראַל, איך קען דעם גנבֿ.

קעניגדזש

צום טייוול! אפשר וועט איר גיין זען, ווו דער אינספּעקטאָר איז בעגאַנגען?

דע לעוויס

מיט פאַראַכטונג

דערדאָזיקער חמור-קאָפּ! (די פּאַפּיר-סערוועטלעך פון טייסטער אַרויסציענדיק) ניין! דער מאַן, וועלכער האָט דאָס דאָ אַריינגעשטאָפּט, איז געווען גענוג געשיקט און קאַלטבלוטיק אויף אָפּצורייסן די וויקל-פלאַנצן פון באַלקאָן, כּדי אונדז אין אַ טעות אַריינצופירן. גיט אַ קוק דאָ אַהער, גענע־אַל!

ער גייט צו דער באַלקאָן-טיר, דער גענעראַל גייט אים נאָך

דע לעוויס

ווייזט אים אויף רעכטס

זעט איר דעם אָנלען פון מיין באַלקאָן און דעם אָנלען פון צווייטן באַלקאָן? (ער האַלט די שנור פון זיין שלאָף-ראָק אין דער הויך און שטרעקט אויס די אָרעמס) איך האָב דאָס צווישן-אָרט אויסגעמאָסטן. אַקוראַט עפּעס איבער זיבן פוס, נישט מער! ווען איינער קען נישט אָנלויפנדיק שפּרינגען אויף אַ שמאָלע ביכער-שאַנק פון פיר פיס די הויך און זיך אויבן דערהאַלטן, איז דאָס פאַר אים אַ קינדער-שפּיל. גיט, אדרבא, אַ קוק דאָ אַהער! (ער גייט אויפן באַלקאָן, קומט צוריק מיט אַ שטיק פון אָפּגעריסענעם וויקל-פלאַנץ און האַלט עס קעגן ליכט) עמעצער איז דערויף געשטאַנען — דאָס שטעקעלע איז צעקוועטשט — ס׳איז אוי צעטרעטן דער אינעווייניקסטער

עק, וווּ ער האָט געמוזט שטיין, ווען ער איז צוריקגעשפּרונ-
גען.

קעניגדזש

נאָכדעם, ווי ער האָט באַטראַכט דעם פּלאַנץ, שטייף

דער צווייטער באַלקאָן געהערט צו דער שטוב פון יינגן דענסי,
מר. דע לעוויס — אַ זעלבער אוּן דזשענטלמאַן. דאָס איז אַן
אוממוגיק אָנצוהערעניש!

דע לעוויס

איך באַשוּלדיק.

קעניגדזש

וואָס?!

דע לעוויס

איך האָב אַ חוש-הריח, גענעראַל; עס ליגט מיר אין בלוט. איך
זע די גאַנצע זאַך אין איר גאַנצער אַנטוויקלונג. דענסי איז
אַרויסגעקומען, האָט געוואַרט, ביז איך בין אַוועק אין באַד-שטוב,
געכאַפּט אויפמאַכן מיין טיר, אין זיין שלאָף-שטוב זיך צוריק-
געשאַרט, געזען מיין באַלקאָן-טיר שטייט אָפן, געמאַכט דעם
שפּרונג, געגנבעט די באַנקנאָטן, דעם טייסטער מיט אָט די פּאַ-
פּירעלעך אָנגעפילט, די וויקל-פלאַנץ דאָרט אָפּגעריסן (ווייזט אויף
לינקס), כדי אונדז אין אַ טעות אַריינצופירן, איז צוריקגעשפּרונ-
גען און זיך ווידער אַרויסגעשאַרט. דאָס אַלץ האָט קוים פיר
מינוט געדויערט.

קעניגדזש

זייער ערנסט

דאָס איז אומדערהערט, דע לעוויס! דענסי זאָגט, אַז ער איז די
גאַנצע צייט אונטן געווען. אָבער איר ציט אייערע ווערטער אָן
באַוואָרענישן צוריק, אָדער איך מוז אייך שטעלן מיט אים פּנים-
אל-פּנים.

דע לעוויס

אויב ער וועט דאָס געלט צוריקגעבן און מיך איבערבעטן, וועל



איך קענען אים גאָרנישט אונטערנעמען — אַ חוץ, וואָס איך וועל
מיט אים אין דער צוקונפט קיין שום מגע-ומשא נישט האָבן. ער
האָט מיר דאָסדאָזיקע פערד געגעבן, ווי איר ווייסט, ווייל ער
האָט געגלייבט, אַז עס האָט נישט קיין שום שאַנסן, און פון
דאַמאָלס אָן איז ער מלא-חמה, וואָס ער איז געווען אַזאַ שוטה
און נישט דערקענט, וואָס אין אים שטעקט. איבעריקנס, איז ער
אויך נקי, איך ווייס עס.

קעניגדזש

נאָכדעם, ווי ער איז אַן אויפגערעגטער געגאַנגען אין שטוב איינמאָל
אַרויף און אַראָפּ

ס'איז פּשוט אַ משוגעת אַזעלכע איבערגעאיילטע מסקנות צו
ציען.

דע לעוויס

נישט אַזאַ משוגעת, ווי די איבערגעאיילטע מסקנא, וואָס דענסי
האָט געצויגן, ווען ער איז אויפן באַלקאָן פון מיין שטוב געשפּרונ-
גען.

קעניגדזש

דאָס געלט האָט געקענט גנבענען נאָר דער, וואָס האָט געוווּסט,
אַז איר האָט עס בײַ זיך.

דע לעוויס

פון וואַנען ווייסט איר, אַז ער האָט עס נישט געוווּסט?

קעניגדזש

ווייסט איר, אַז ער האָט עס געוווּסט?

דע לעוויס

איך האָב נישט דעם מינדעסטן ספק.

קעניגדזש

אַן ווערלכער עס איז ראיה! דאָס איז זייער מיאוס, דע לעוויס!

איך מוז עס זאָגן וויכסאָרן.

דע לעוויס

מיינעטוועגן זאָגט עס דער גאַנצער באַנדע! איר [illegible] דאָך, אַז

איך האָב נישט קיין פיין-געפיל, אָבער איך שפיר שוין די גאַנצע צייט די אַטמאָספערע אין דאָזיקן הויז, דאָס קען איך אייך פאַרזיכערן, גענעראַל. ווען איך וואָלט געווען אויף דענסיס אָרט און ער אויף מיין אָרט, וואָלט איר לגבי מיר אַ גאַנץ אַנדערן טאָן אָנגענומען.

קענינדזש

מיט אַ ווירדיקער קאַלטקייט

איך ווייס נישט, אַז איך זאָל האָבן עפּעס „אַ טאָן אָנגענומען", ווי איר רופט עס. דאָסדאָזיקע הויז איז אַ פּריוואַט-הויז, מר. דע לעווים, און מיר מוזן זיך רעכענען מיט אונדזער מכניס-אורח און דעם „עס פּרי דע קאָרפּ", ווי ער איז אָנגענומען צווישן דזשענטעלמענס.

דע לעוויס

זייט ווען איז אַ גנב אַ דזשענטעלמען? צוזאַמענהאַלטן זיך ווי די גנבים — אַ גוטער וואָל-לאַזינג, נישט אמת?

קענינדזש

גענוג! (ער גייט צו צו דער טיר, בלייבט אָבער שטיין, איידער ער מאַכט זי אויף) הערט מיך אויס! איך האָב אַ ביסל מיטגעמאַכט אין מיין לעבן און בין אַ שטיקל בעל-נסיון. ווען אַזאַ באַשולדיקונג ווערט איינמאָל באַקאַנט צווישן מענטשן, קען שוין קיינער נישט די פאָלגן פאָרויסזען. קאַפּיטאַן דענסי איז אַ מוטיקער יונגערמאַן, ער האָט אַלס זעלנער שטאַרק זיך אויסגעצייכנט; און ער האָט גראָד ערשט חתונה געהאַט. ער מעג זיין אַזוי אומשולדיק, ווי אַ מלאך, וועט שוין דער שמוץ אויף אים בלייבן קלעבן, אויב דער אמתער גנב וועט נישט געפונען ווערן. ווען אַזעלכע אָנגעלעגנהייטן וואָלטן נאָך דורך אַ דועל אַנטשידן געוואָרן, וואָלט אָדער איר, אָדער ער דידאָזיקע שטוב אַ לעבעדיקער נישט פאַרלאָזט. אויב איר וועט זיך ווייטער האַלטן בא דערדאָזיקער לעכערלעכער באַשולדיקונג, וועט איר ביידע דידאָזיקע שטוב פאַרלאָזן אַלס טויטע אין די אויגן פון דער געזעלשאַפט, איר, ווייל איר האָט אָנגעקלאָגט, און ער אַלס פאַרדעכטיקטער.



דע לעוויס

די געזעלשאַפט! איר מיינט אפשר, איך ווייס נישט, אַז איך ווער נאָר געדולדעט צוליב מיין געלט? די געזעלשאַפט קען דעם, וואָס זי איז מבזה, נישט באַעוולהן נאָך דורכדעם, וואָס זי נעמט מיר אויך מיין געלט אַוועק, דאָס איז מיין שטאַנדפּונקט. אויב איך וועל דאָס געלט צוריקבאַקומען, וועל איך שווייגן; אויב אָבער נישט, וועל איך רעדן. איך בין זיכער, אַז איך האָב אַ רעכט דערויף. איך פאַרלאַנג נישט מער, נאָר מיט דענסין פּנים-אל-פּנים געשטעלט צו ווערן; אויב אָבער איר ווילט בעסער אַזוי, וועט איר מיט אים פּאַרטיק — כדי אייער „עספּרי דע קאָרפּ" זאָל אָפּגעהיטן ווערן.

קענינדזש

אויף ערן-וואָרט, מר. דע לעוויס, איר גייט צו ווייט!

דע לעוויס

נישט אַזוי ווייט, ווי איך וועל גיין, ווען איך וועל דאָס געלט נישט צוריקבאַקומען.

ווינסאָר קומט אריין

ווינסאָר

אַלזאָ, דע לעוויס, איך האָב מורא, אַז מיר קענען לעת-עתה מער גאָרנישט אויפטון. איך האָב זייער פיל עגמת-נפש דערפון, וואָס אַזאַ זאַך האָט אין מיין הויז זיך פאַרלאָפן.

קענינדזש

נאָך אַ שווייגן

די זאַך האָט אַ נייע ווענדונג אָנגענומען. דע לעוויס באַשולדיקט איינעם פון אייערע געסט.

ווינסאָר

וואָס?!

קענינדזש

ער זאָל האָבן פון זיין באַלקאָן אָט אויף דעם געשפּרונגען, די באַנקנאָטן געגנבעט און צוריקגעשפּרונגען. איך האָב אַלע באַמיונ-

געען אָנגעוועגדט אים אַזאַ איינפאַל פון קאָפּ אַרויסצושלאָגן, אָבער אָן פעולה. מיר מוזן דאָס זאָגן דענסין.

דע לעוויס

איר קאָנט מיט דענסין פאַרטיק ווערן, ווי איר ווילט. איך וויל נאָר מיין געלט צוריק האָבן.

קענינדזש

מר. דע לעוויס רעדט זיך איין, אַז מען איז אים נושא־פּנים נאָר צוליב זיין געלט און מהאי טעמא איז פאַר אים וויכטיק עס צוריק צו באַקומען.

ווינסאָר

צום טייוול! עס כאַפּט אָן אַ גרויל, דע לעוויס! איך האָב ראָנאַלד דענסין שוין אַלס קינד געקענט.

קענינדזש

איר רעדט דערפון, אַז דער דערנידעריקטער דאַרף נישט נאָך באַ־עולהט ווערן, דע לעוויס. ווי וועט איר אָבער אָנרופן דאָס, וואָס אַזוי ווערט באַהאַנדלט דער מאַן, וועלכער האָט אייך געשענקט דאָס פערד, וואָס האָט אייך דערנאָך געבראַכט די דאָזיקע טויזנט פונט?

דע לעוויס

איך האָב דאָס פערד נישט פאַרלאַנגט; אָנגעמענדיק עס, בין איך דערמיט נאָר זיין טובה אויסן געווען

קענינדזש

און דערביי האָט איר אויך די שאַנסן אין זין געהאַט, ווי איך דערלויב מיר צו גלייבן — דערדאָזיקער פרינציפּ איז דאָך באַ פיל געשעפטן מאַסגעבנדיק.

דע לעוויס

ווי אין אַן אָנגעווייטיקט אָרט געטראָפן

באַ געשעפטן פון מיין ראַסע, מיינט איר דאָך?



קענינדזש

קאַלט

איך האָב אַזעלכעס נישט געזאָגט.

דע לעוויס

ביין, די דאָזיקע זאַכן ז אָ ג ט איר טאַקע נישט, קיינער פון אייך זאָגט עס נישט.

קענינדזש

איך האָב אויך וועגן דעם נישט געטראַכט.

דע לעוויס

דענסי אָבער יאָ.

ווינסאָר

כ׳לעבן, אויב איר דאַנקט אַזוי אָפּ פאַר גאַסטפריינטשאַפט —

דע לעוויס

אַ גאַסטפריינטשאַפט, וואָס באַליידיקט אַזוי טיף מיינע געפילן און קאָסט מיך נאָך דערצו טויזנט פונט!

קענינדזש

ווינסאָר, רופט דענסין; אָבער זאָגט אים גאָרנישט.

ווינסאָר גייט אָפּ

קענינדזש

אפשר וואָלט איר וועלן אַזוי גוט זיין זיך באַהערשן און די זאַך מיר איבערלאָזן.

דע לעוויס דרייט זיך אויס צו דער באַלקאָן־טיר און צינדט אָן אַ פּאַפּי־ראָס. ווינסאָר קומט צוריק, באַגלייט פון דענסין

קענינדזש

דענסי, ווינסאָרן צוליב ווילן מיר פאַרהיטן פון אַ טומל און סקאַנ־דאַל אין דערדאָזיקער אַפּערע. מיר האָבן זיך באַמיט דאָס קלאָר צו מאַכן דער פּאָליציי. לויט מיין מיינונג דרייט זיך די גאַנצע זאַך אַרום דיר, אַז מיר זאָלן דערגיין, ווער אייגנטלעך עס האָט גע־

ווסט, אז דע לעוויס האָט געהאַט געלט. מיר וועלן דעריבער אייער עצה אויסהערן.

ווינסאָר

דע לעוויס זאָגט, אז קענטמאַן האָט אים באַם עק אין לעצטן פּע־דאָק דאָס געלט באַצאָלט.

דע לעוויס דרייט זיך אוועק פון דער פענסטער־ציר, אזוי, אז ער און דענסי קוקן זיך אן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן

קעגינדזש

האָט איר אפשר געהערט עפּעס, וואָס וואַרפט אַ ליכט אויף די זאַך, דענסי? דאָס קאָן דאָך געמאָלט זיין, ווייל דאָס פערד איז צוערשט געווען אייער אייגנטום.

דענסי

איך? ניין.

ווינסאָר

האָט איר וועגן פּאַרקויף אויפן גייעג־פּלאַץ בכלל גאָרנישט גע־הוסט?

דענסי

ניין.

קעגינדזש

קאָנט איר נישט אַמאָל אונז אַרויפפירן אויף אַזעלכן, וואָס האָט אפשר וועגן דעם עפּעס געוווסט? עס איז אַנ־ערש נישט געגנבעט געוואָרן, איר פאַרשטייט?

דענסי

ס'איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט, אַז דע לעוויס שווימט־אַרום אין געלט, פונקט אַזוי ווי עס איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט, אַז איך בין אַ דלפן.

קעגינדזש

אַ חוץ דע לעוויסן זענען פאַרהאַן נאָך אַ סך אַנדערע, וואָס שווי־מען אַרום אין געלט, אָבער נישט קיין סך אַזעלכע, וואָס טראָגן באַ זיך אַזאַ גרויסע סומע אין טייסטער.



דענסי

ער האָט צוויי גייעגן געוווּנען.

דע לעוויס

הילט איר דערמיט זאָגן, אַז איך האָב מיר מיינע געווינען געהייסן אויסצאָלן אין מזומנים?

דענסי

איך ווייס נישט, ווי אַזוי איר זענט זיך נוהג באַ אייערע געשעפטן, און עס גייט מיך אויך לחלוטין נישט אָן.

קעגינדזש

איר קענט אונז אַלזאָ נישט העלפן?

דענסי

ניין. איך קען נישט. אפשר נאָך עפּעס?

ער קוקט דע לעוויסן שאַרף אָן

קעגינדזש

לייגט זיין האַנט אויף דענסיס אָרעם

מער גאָרנישט, דענסי. אַ דאַנק.

דענסי גייט אָפּ. קעגינדזש באַרירט מיט דער האַנט זיין פּנים. אַ ווילע האַלט אָן אַ שטילשווייגן

ווינסאָר

זעט איר, דע לעוויס? ער האָט אפילו נישט געוווּסט, אַז איר האָט געהאַט דאָס געלט.

דע לעוויס

אויך אַ ראיה!

ווינסאָר

נו, הערט! איר זענט אָבער — !

מען קלאַפּט, דער אינספּעקטאָר קומט אַריין

אינספּעקטאָר

איך האָב גראָד געוואָלט אַוועקגיין, מיינע הערן. ליידער האָבן

מיר קיין שום שפורן נישט געפונען. די זאַך איז אַ ביסל חידושדיק.

קענינדזש

איר האָט גרינגדלעך געזוכט ?

אינספעקטאָר

יאָ, גענעראַל. איך האָב נאָענט פון דער טעראַסע גאָרנישט געקענט געפינען.

ווינסאָר

נאָכדעם, ווי ער האָט אָנגעקוקט דע לעוויסן, וואָס זיין פנים דריקט צו פיל אויס

הם! איר וועט זיך אַלזאָ נעמען צו דער זאַך פון צווייטן עק, אינספעקטאָר ?

אינספעקטאָר

נו, מיר וועלן זען, צי מיר קענען פון די בזקמעקערס די נומערן באַקומען. איידער איך גיי, מיינע הערן — איר האָט צייט געהאַט זיך מיישב צו זיין — איר זענט דאָך קיינעם נישט חושד דאָ אין הויז ?

דע לעוויס פנים ווייזט אַן אויפמערקזאַמען און אומבאַשטימטן אויסדרוק. קענינדזש קוקט אים שארף אָן

ווינסאָר

ענערגיש

קיינעם נישט,

דע לעוויס דרייט זיך אום און גייט אויפן באַלקאָן אַרויס

אינספעקטאָר

אַז איר וועט מאָרגן קומען צום געיעג, קאָנט איר אונז אויפזוכן. ביז דעמאָלט וועל איך קענטמאַכן שוין האָבן געזען.

ווינסאָר

גוט, אינספעקטאָר. אַ גוטע נאַכט און בעסטן דאַנק !



אינספעקטאָר

ביטע, גערן גרייט צו דינען.

גייט אַפ

ווינסאָר

מיין גאָט! איך האָב שוין געמיינט, אַז דער בחור דאָרט (ווינקט צום באַלקאָן) וועט — ! הערט, גענעראַל, מיר מוזן אים דאָס מויל פאַרשטאָפּן. שטעלט זיך נאָר פאָר, אַז מיר וועלן אַריינפאַלן אין מענטשנס מיילער! און לסוף וועט דער אמתער גנב גאָרנישט געפונען ווערן. אַ מיאוס עסק פאַר דעַסין !

קענינדזש

ווינסאָר, דענסיס אַרבל איז געווען פייכט.

ווינסאָר

וואָס מיינט איר דערמיט ?

קענינדזש

זייער פייכט. ס'האָט גערעגנט.

ביידע קוקן זיך אָן

ווינסאָר

איך — איך פאַרשטיי נישט — —

ער רעדט געצווינגען און געדעמפט און באַווייזט דערמיט, אַז ער פאַרשטייט דאָך.

קענינדש

ס'האָט געגאָסן ווי מיט צעבערס ; (אויפן באַלקאָן מיט די אויגן אָנווייזנדיק) איין מינוט דאָרט אינדרויסן וואָלט גענוג געווען — —

ווינסאָר

האַסטיק

ער איז זייט דעמאָלט אוודאי געווען אינדרויסן אויף זיין באַלקאָן.

קעני־דזש

ס'האָט אויפגעהערט מיט אַ האַלבער שעה צוריק, איידער איך בין אַרויפגעקומען.

ווינסאָר

איב אַזוי האָט ער זיך אוודאי אויפן גאַסן פאַרענטש אָנגע־לענט.

קענינדזש

מיט די אַקסלען און פלייצעס ?

ווינסאָר

אפשר קעגן דער מויער. עס לאָזט זיך אויף פאַרשידענע אופנים פאַרענטפערן. (זייער שטיל און קאַטעגאָריש) איך מוז אַבסאָלוט און מיט דער גרעסטער ענערגיע צוריקוואַרפן יעדן חשד פון דעם מין קעגן ראָנאַלד דענסין — דערצו נאָך אין מיין הויז. צום טייוול, גענעראַל, מיר מוזן האַנדלען אַזוי, ווי מען וואָלט אונז באַ־האַנדלט. עס איז אונזער אַלעמענס ענין — אונזער אַלעמענס ענין איז עס. ס'איז פשוט נישט צום אויסהאַלטן !

קענינדזש

איר זענט גערעכט — נישט צום אויסהאַלטן ! (העכער) מר. דע לעווים !

דע לעווים הייזט זיך ווידער פאַר דער אָפענער באַלקאָן־טיר

קענינדזש

מיט אַ קאַלטער אָנטשלאָסנקייט

דער יונגער דענסי איז געוועזן אָפיציר און איז אַ דזשענטלמען; דידאָזיקע באַשולדיקונג שטיצט זיך בלויז אויף אַ השערה און איר האָט נישט קיין רעכט דערצו. איר פאַרשטייט מיך ?

דע לעווים

מיין צונג געהערט נאָך אַלץ צו מיר, גענעראַל, הגם מיין געלט געהערט נישט מער צו מיר !

קענינדזש

אומבאַמעגלעך

איר האָט נישט קיין רעכט דערצו. איר זענט אַ מיטגליד פון דריי־



קלובן. איר באַמיט זיך וועגן דער מיטגלידערשאַפט אין אַפערטן. יעדער, וואָס וואַרפט אַזאַ באַשולדיקונג אויף אַן אַנדערן גאַסט אין אַ פּאַלאַץ, אָן אַ בלתי־ספקדיקן באַווייז, מוז ווערן צו שאַנד און צו שפּאָט. גיט איר אונז אייער וואָרט, אַז איר וועט שווייגן ?

דע לעווים

אַן אַרויספאָדערונג, הייסט עס, מצד דער געזעלשאַפט ? הם !

קענינדזש

חס־וחלילה — בלויז אַ התראה. אויב איר האַלט עס אין אייערע אינטערעסן פאַר נייטיק אַרויסצורופן דעם דאָזיקן סקאַנדאַל, אַלץ איינס אויף וואָס פאַר אַן אופן, וועלן מיר עס אין אונזערע אינטע־רעסן האַלטן פאַר נייטיק זיך פולשטענדיק אָפּצוקערן פון דעם, וואָס איז עובר אויפן אומגעשריבענעם געזעץ.

דע לעווים

גלייבט איר, אַז אייער געזעץ גילט אויך פאַר מיר ? גלייבט איר דאָס, גענעראַל ?

קענינדזש

פאַר יעדן, וואָס וויל גילטן פאַר אַ דזשענטלמען, מיין הער.

דע לעווים

אַ ! אָבער מיך האָט איר דאָך נישט שוין אַלס קינד געקענט.

קענינדזש

אַנטשליסט זיך !

אַ שטילשווייגן

דע לעווים

איך בין נישט קיין נאַר, גענעראַל. איך ווייס גאַנץ גענוי, אַז איר קאָנט מיך אויסשליסן.

קענינדזש

אייז־קאַלט

נו ?

### ד ע ל ע ו ו י ס

ברומיק

איך וויל שוויגן אזוי לאנג, ביז איך וועל האבן מער בא-וויזן.

### ק ע נ י נ ד ז ש

גוט ! מיר האבן צו דענסין דעם פולסטן צוטרוי.

זיי קוקן זיך א ווײַלע אן, דער ג ע נ ע ר א ל פעסט, קלוג, אומדורכדרינג-לעך, ו ו י נ ס א ר צארניק און ארויסטאדע-נדיק, ד ע ל ע ו ו י ס שפא-טיש, א ביסל טריומפירנדיק און בייז. דאן גייען ק ע נ י נ ד ז ש און ו ו י נ ס א ר צו דער טיר ארויס

### ד ע ל ע ו ו י ס

פאר זיך

שווינדלער !

פארהאנג.

## צ ו ו י י ט ע ר א ק ט

## ערשטע סצענע.

נאכמיטאג, דריי וואכן שפעטער, אין שפיל־שטוב פון א לאנדאנער קלוב. אין געפענעם קאמין לינקס ברענט א פייער. א טיר רעכטס פירט אין בי־לארד־שטוב. מער לינקס קעגן דער מיט שטוב זיצט בא א שפיל־טיש ל א ר ד ס ט. ע ר ט ה, אן אלטער דזשאן בול, מיטן פנים צום פובליקום געקערט; רעכטס פון אים זיצט ג ע נ ע ר א ל ק ע נ י נ ד ז ש, לינקס א ו י ג ו ס ט ו ס ב א ר ר י נ ג, דער פראטאטיפ פון א קלוב־מענטש, פון א יאר פינף און דרייסיק, מיט א לייכטן שטאמלען און קנאקן אין דער שטים, וואס פאסט אים זייער גוט צו. דער פערטער ברידזש־שפילער, ט ש א ר ל ז ו ו י נ ס א ר, שטייט מיטן רוקן צום פייער געקערט.

באררינג

און דעם ר—ראבער.

ווינסאר

צום טייוול! איר האט אבער א גוט בלאט!

סט. ערטה

(וועלכער האט פארשפילט)

נישט צו פארגלייכן מיטן אלטן וויסט, דאסדאזיקע שפיל. כ׳ווייס באמת נישט, צו וואס איך שפיל עס — כ׳האב עס אייגנטלעך קיינמאל נישט געוואוסט.

קעניגדזש

סס. ערטה, ווילט איר באמת, אז מיר זאָלן ווידער וויסט אלס פאַ־
ראַל ארויסגעבן?

וויגסאָר

דאָס קאָן נישט געמאָלט זיין, גענעראַל. דאָס וואָלט דאָך געווען
א שריט אויף צוריק. מ'קאָן נישט צווינגען איינעם צו גיין, בעת
ער ווייסט, אז ער קאָן פליען. די יונגע לייט ווילן עס אפילו
נישט אָנקוקן.

באָררינג

מ'האָט בעסער געדאַרפט אין ברידזש א שריט ווייטער גיין, אזוי,
אז צ־צוויי זאָלן פאַסן, גענעראַל.

סס. ערטה

מיר האָבן געדאַרפט בלייבן באַם אלטן שפיל. איך וואָלט בעסער
קיין ניומאַרקעט געפאָרן, קעניגדזש, נישט געקוקט אויפן וועטער.

קעניגדזש

אויף זיין זייגער קוקנדיק

לאָמיר געוויר ווערן, ווער עס האָט דאָס קעמברידזששיר געוווּנען.
ווילט איר נישט אָנקלינגען, וויגסאָר?

וויגסאָר קלינגט אָן

סס. ערטה

הייסט איר שוין, קעניגדזש, דער יונגער דע לעוויס איז געוואָרן
שוואַרץ באַלאָטירט.

קעניגדזש

וואָס?!

סס. ערטה

איך האָב דאָך־אגב נאָכגעפרעגט.

קעניגדזש רירט זיך נישט, וויגסאָר כאַפּט זיך ארויס מיט א טאָן און
פיינלעכער איבעראַשונג



באָררינג

עס פ־פאַרשטייט זיך, אז ער איז שוואַרץ באַלאָטירט געוואָרן, גע־
נעראַל. האָט איר דען עפּעס אַנדערש דערוואַרט?

א דינער קומט אריין

דינער

ביטע, מיילאָרד?

סס. ערטה

ווער האָט דאָס קעמבּרידזששיר געווונען?

דינער

ראָזעמאַרי, מיילאָרד. שערבעט איז געווען דער צווייטער; באַר־
ביצאָן דער דריטער. ניין צו איינס אויף נצחון.

וויגסאָר

א דאַנק! מער גאָרנישט.

דער דינער גייט אַוועק

באָררינג

ראָזעמאַרי! און דע לעוויס האָט עס פאַרקויפט! אָבער ער האָט
מסתמא א גוטן פ־פרייז דערגרייכט.

די דריי אַנדערע קוקן אים אָן

סס. ערטה

ווי געווונען, אזוי צערונען, יינגערמאַן.

קעניגדזש

הייבט־אָפּ!

זיי הייבן־אָפּ

באָררינג

אהאַ! איר זענט מרמז אויף די געשיכטע, וואָס קורסירט איצט,
אז מ'האָט אים אויף א גוט א מסמון מיט ג־געלט צוגעגנבעט?
צו אלדי רוחות, ער וועט זיך א מ־מעשה אָנטון!

ווינסאָר

מיר שפּילן צוזאַמען, באָררינג.

ער זעצט זיך אויף קעניגדזשס שטול, בערת דער גענעראַל פאַר־נעמט זיין פּלאַץ באַם קאַמין

באָררינג

פֿו! דענסי וועט זיך דאָס קאָכן! ער האָט דאָס פערד אָוועקגע־שענקט, כּדי האָבער איינצושפּאָרן. ער איז געווען זייער צופרידן, וואָס ער האָט געפונען עמעצן, וועלכער האָט עס צוגענומען. קענטמאַן האָט אוודאי אַ מ־מטמון מיט געלט דערמיט געוווּנען. נאָך מיט פערצן טעג צוריק איז עס געשטאַנען דריי און דרייסיק צו איינס.

סט. ערטה

דאָס גאַנצע געלט פליסט אַריין אין די טאַש פון פאַרשוינען, וואָס קענען אַ פערד פון אַ סטאָג היי נישט אונטערשיידן.

קעניגדזש

קלוג

און דאָס פערד גופא גייט זיי שוין לחלוטין גאָרנישט אָן. יאָ! מיר וואָלטן געדאַרפט פאַרלאַנגען, אַז עס זאָלן אין די געיעגן זיך באַ־טייליקן נאָר אַזעלכע מענטשן, פאַר וועלכע דאָס פערד באַדייט עפּעס.

באָררינג

איך האָב געמיינט, גענעראַל, אַז אַ פערד ב־באַדייט פאַר יעדן דאָס זעלבע. אַ שאַנס דעם קעגנער בדלות צו שטעלן.

קעניגדזש

מיט געפיל

דאָס פערד איז אַן איידעלע חיה, מיין הער; דאָס וואָלט איר משיג געווען, ווען עס וואָלט אייך אַזוי אָפּט דאָס לעבן מציל גע־ווען, ווי מיר.

באָררינג

מיר ווילן די פערד תּמיד דאָס לעבן צונעמען, גענעראַל. איך



וועל קיינמאָל נישט געהערן צו דער איידעלער חבֿרה פון פערד־פריינד.

סט. ערטה

טרוקן

אוודאי. גיט קאָרטן!

בשעת באָררינג טיילט די קאָרטן, מאַכט זיך די טיר אויף און עס קומט אַריין מאַיאָר קאָלפאָרד, אַ דאַרער קאַוואַלעריסט מיט וואָנסעס

באָררינג

האַלאָ, ק־קאָלפאָרד!

קאָלפאָרד

גענעראַל!

עפּעס אין זיין שטים מאַכט זיי אַלע אויפהאָרכן

קאָלפאָרד

איך בין געקומען צו אייך נאָך אַן עצה. דער יינגער דע לעוויס האָט דאָרט (ער ווייזט אין די זייט פון ביליאַרד־שטוב, פון וועלכער ער איז אַקאָרשט געקומען) זייער אַ מיאוסע געשיכטע אויסגעפּויקט — — —

קעניגדזש

איין רגע! מר. באָררינג, אפשר וואָלט איר אַזוי גוט געווען — —

קאָלפאָרד

ער קען בלייבן, גענעראַל. פיר פון אונז האָבן עס דאָרט סיי־ווי־סיי געהערט. ער זאָגט, אַז ראָנאַלד דענסי זאָל אים האָבן אין ווינסאָרס הויז באַגנבעט. דער מענטש איז אַראָפּ פון זינען, ווייל דאָס פערד האָט דאָס קעמבּרידזששיר געוווּנען און ער האָט נאָך דערצו זיין געלט אָנגעוווירן.

באָררינג

איבעררראַשט ביז גאָר

דענסי! גוטער ג־גאָט!

קאַלפאָרד

דענסי איז אין קלוב. ווען ער וואָלט דאָ נישט געווען, וואָלט איך דעם חצוף שוין אַליין מקיים־פּסק געווען.

ווינסאָר און באַררינג האָבן זיך אויפגעשטעלט, נאָר סס. ערטה בלייבט זיצן

קעניגדזש

נאָכדעם, ווי ער האָט זיך צו סס. ערטה אַ פרעגנדיקן בליק אָנגעשטעלט

בעט דע לעוויסן, ער זאָל מוחל זיין קומען אַהער. באַררינג, איר גיט אַכטונג, אַז דענסי זאָל דערווייל דעם קלוב נישט פאַרלאָזן. מיר וועלן אים נייטיק האָבן. זאָגט אים גאָרנישט און ווענדט אָן אייער גאַנצן טאַקט, אַז מענטשן זאָלן גאָרנישט וויסן.

באַררינג גייט אַרויס, קאַלפאָרד גייט אים נאָך

ווינסאָר

ווייל מ'האָט אים שוואַרץ באַלאָטירט — אַ שיינע מעשה!

קעניגדזש

סס. ערטה, איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב אייך נישט אָן אַ וויכטיקער סיבה געבעטן פאַר דעם ייִנגן דע לעוויס אַ גוט וואָרט צו זאָגן. ווינסאָר און איך האָבן שוין לאַנג געוווסט פון דערדאָזיקער באַשולדיקונג, איך האָב אים געוואָלט דאָס מויל פאַרשטאָפּן. ס'איז, פאַרשטייט זיך, אַן אומזיניקע באַהויפּטונג; און דערלאָזן, אַז די פּליאָטקע זאָל זיך פאַרשפּרייטן, וואָלט לגבי דענסין געווען נישט יושרדיק. פריער האָט באַ די מענטשן דער דוועל די צונג געבונדן.

סס. ערטה

הם! ער האָט תמיד נאָר באַוויזן, ווער עס איז דער בעסטער שיסער.

קאַלפאָרד

וועלכער קומט ווידער אַריין

דע לעוויס דערקלערט, אַז ער האָט גאָרנישט וואָס צוצוגעבן צו



דעם, וואָס ער האָט אייך מכוח דעם ענין שוין פריער געזאָגט.

קעניגדזש

זייט אַזוי גוט און זאָגט אים, אַז אויב ער וויל ווייטער בלייבן מיטגליד פון דאָזיקן קלוב, מוז ער פאַרן קאָמיטעט פאַרענטפערן דידאָזיקע באַשולדיקונג קעגן אַ קלוב־חבר. מיר זענען דאָ פיר קאָמיטעט־מיטגלידער און דערפאַר באַשלוס־פעיק.

קאַלפאָרד גייט ווידער אַרויס

סט. ערטה

האָט קענטמאַן אָנגעגעבן דער פּאָליציי די נומערן פון די באַנקנאָטן, ווינסאָר?

ווינסאָר

ער האָט געוווסט די נומערן פון צוויי באַנקנאָטן — פון דעם הונדערטער און פון אַ פופציקער.

סט. ערטה

האָט מען שוין זייערע שפּורן פאַרפאָלגט?

ווינסאָר

נאָך נישט.

בעת ער רעדט, קומט דע לעוויס אַריין. זיין פּנים איז זייער רויט, ער איז אויפגערעגט ביז גאָר. קאַלפאָרד קומט נאָך אים אַריין

דע לעוויס

וועמענס שטים קלינגט אין דער אויפרעגונג נאָך אַ ביסל עקזאָטישער

אַלזאָ, גענעראַל קעניגדזש, דאָס גייט שוין צו וויט — שוין צו וויט!

קעניגדזש

רויִק

ס'איז קלאָר, מר. דע לעוויס, אַז איר און קאַפּיטאַן דענסי קענט נישט גלייכצייטיק בלייבן מיטגליד פון דאָזיקן קלוב. איידער מיר פאָדערן־אויף איינעם פון אייך צוריקצוטרעטן, פאַרלאַנגען מיר פון אייך אַ דערקלערונג.

דע לעוויס

איר האָט מיך פאַרלאָזט.

קעניגדזש

וואָס ?

דע לעוויס

איך וועל אַלזאָ די מענטשן דערציילן, אַז איר און לאָרד סט. ערטה זענט אין איין קלוב געווען מיינע מליץ־יושרס און אין אַן אַנדערן האָט איר געפּאָדערט מיין צוריקטרעטן.

קעניגדזש

עס איז מיר אַלציינס, מיין הער, וואָס איר וועט די מענטשן דער־ציילן.

סט. ערטה

טרוקן

איר זעט אויס צו זיין אַ יינגערמאַן אַ רשע.

דע לעוויס

איך וועל אייך זאָגן, וואָס איך האַלט פאַר אַ רשעות, מיילאָרד: צו העצן אַ מענטש ווי מיט הינט, ווייל ער איז נישט פון אייער אָפּשטאַמונג.

קעניגדזש

אייער אָפּשטאַמונג! איר זענט, ווייזט אויס, באַהערשט פון דעם געדאַנק. קיינער פון אונז טראַכט נישט וועגן דעם, ווי איך זע.

דע לעוויס

אָנגענומען, אַז א י ך וואָלט דענסין באַגנבעט. וואָלט איר אים פאַר־טריבן, ווייל ער קלאָגט זיך אויף דעם ?

קאָלפּאָרד,

באַ גאָט! אויב איר וועט דאָס איבערחזרן —

קעניגדזש

רויק, קאָלפּאָרד!



וויגסאָר

איר באַשולדיקט דענסין, אַז ער זאָל אייך האָבן אין מיין הויז באַגנבעט, און האָט דערביי קיין שום באַווייזן נישט — קיין שום באַווייזן; און דערביי דערוואַרט איר, אַז דענסיס פריינד וועלן אייך באַהאַנדלען ווי אַ דזשענטלמען! דאָס גייט שוין טאַקע צו ווייט, זאָג א י ך!

דע לעוויס

אָן באַווייזן? קענטמאַן האָט מיר נעכטן אין ניומאַרקעט געזאָגט, אַז דענסי האָט יאָ געוווּסט וועגן פאַרקויף. ער האָט עס דערציילט גולן, און גול דערקלערט, אַז ער אַליין האָט מיט דענסין וועגן דעם גערעדט.

וויגסאָר

נו — און אַז אפילו יאָ ?

דע לעוויס

דענסי האָט אייך אָבער געזאָגט, אַז ער האָט וועגן דעם ג אָ ר נ י ש ט געוווּסט, אין גענעראַל קעניגדזשס און אין מיין אָנוועזנהייט (צו קעניגדזשן) דאָס קענט איר נישט אָפּלייקענען, ווען איר וואָלט עס אפילו וועלן.

קעניגדזש

איך וואָלט דאָך געבעטן אָפּגעהיטענער צו זיין באַם אויסקלייבן אייערע אויסדרוקן.

דע לעוויס

באַווייזן! האָט מען געפונען וועלכע עס איז פוס־שפּורן אויפן באַלקאָן אונטער דער וויקל־פלאַנץ? די מינדעסטע נישט. איר האָט געזען, ווי גוט ער קען שפּרינגען; ער האָט מיט מיר אין יענעם אָוונט זיך געוועט אויף צען פונט, הגם ער האָט לכתחילה געוווּסט, אַז ער וועט געווינען. אַזוי זעט אויס אייער דענסי — אַ גאַנץ פּשוטער שווינדלער!

### קעניגדזש

*ווייזט מיטן קאָפּ אויף די ביליאַרד-שטיב*

ווענען די אַנדערע נאָך דאָרט, קאַלפּאָרד?

### קאַלפּאָרד

יאָ?

### קעניגדזש

אויב אַזוי רופט, כ'בעט אייך, אַרויף דענסין. אָבער זאָגט אים גאָרנישט.

### קאַלפּאָרד

*צו דע לעוויסן*

איר קענט זיך שעצן זייער גליקלעך, אויב ער וועט אייך נישט דאָס געניק צעבּרעכן.

*ער גייט אַרויס. די איבעריקע ווענדן-אָפּ דעם בליק פון דע לעוויסן*

### דע לעוויס

*מיט אַן איינגעהאַלטענעם כּעס*

איך האָב אַ גוטן זכּרון און איך קען אויך שטעכן. יאָ, מיילאָרד — אַז איר האָט שוין יאָ באַוויליקט מיך רשע אָנצורופן. (צו קעניגדזשן) איך ווייס זייער גוט, אַז ווי די זאַך זאָל זיך נישט אויסלאָזן, וועט מען מיך איצט פאַרשטויסן. דאַן וועל איך אָבער אויך דענסין מיטרייסן.

### סט. ערטה

*צו זיך*

דערדאָזיקער קלוב האָט תּמיד געהאַלטן פאַר אָנשטענדיק און רויק.

### ווינסאָר

ווילט איר די באַשולדיקונג צוריקציען און זיך אַנטשולדיקן פאַר דענסין און פאַר די מיטגלידער, וואָס האָבן אייך געהערט?

### דע לעוויס

עס פאַלט מיר נישט איין!



### סט. ערטה

איר מוזט אָפּנים זייער רייך זיין, מיין הער. די געשווירענע וועלן אָבער אוודאי האַלטן, אַז פאַר אַ באַשולדיקונג פון דעם מין איז געלט אַ צו קליין אָפּקומעניש.

*דע לעוויס רירט זיך נישט*

### קעניגדזש

דאָס געריכט פאַרלאַנגט באַווייזן.

### סט. ערטה

ער קען אייך אין תּפיסה אַריינפּאַקן.

### ווינסאָר

אויב איר וועט תּיכּף אייער באַשולדיקונג נישט צוריקציען, וועט איר באַלד זיצן אין קרימינאַל. דאָס הייסט: אויב איר קענט זי בכלל נאָך אויפהאַלטן.

### סט. ערטה

ווען א י ך וואָלט געווען דער יינגער דענסי, וואָלט איך פאַר קיין שום זאַך נישט מוחל געווען.

### דע לעוויס

אָבער איר האָט מיר דאָך מיין געלט נישט געגנבעט, לאָרד סט. ערטה.

### סט. ערטה

איר זענט אָבער אין אייער זאַך מוראדיק איינגעגלויבט, מיין הער. אויף וויפיל איך קען איבער דער אָנגעלעגנהייט אורטיילן, האָט מען בּאַ אייך געקענט צען מאָל אַזוי פיל גנבענען. עס דוכט זיך מיר, אַז דער גומער נאָמען פון אַ צווייטן גייט אייך וויי-ניק אָן.

### דע לעוויס

קאָנפראָנטירט מיך מיט דענסין און שטעלט זיך אויף זיין צד.

### ווינסאָר

*שטיל צו קעניגדזשן*

איז עס אַ יושר לגבי דענסין אים דאָס נישט צו זאָגן?

קענינדזש

מיר האָבן איצט אונזער חוב לגבי דעם קלוב צו דערפילן, ווינסאָר. די זאַך מוז איצט אויפגעקלערט ווערן.

*קאָלפאָרד קומט צריין, באַגלייט פון באַרריגנן און דענסין*

סט. ערטה

קאַפיטאַן דענסי, דערדאָזיקער הער האָט אין קעגנוואַרט פון אַ פּאָר קלוב-מיטגלידער געוואָרפן אויף אייך אַן ערנסטע באַשולדיקונג.

דענסי

וועגן וואָס האַנדלט עס זיך?

סט. ערטה

אַז איר האָט אים זיין געלט אין ווינסאָרס הויז געגנבעט.

דענסי

*הארט און אַבגשלאָסן*

אַזוי! מיט וועלכן רעכט געפעלט עס אים מיך אין דעם צו באַשולדיקן?

דע לעוויס

*אויך אַזוי אָבגשלאָסן*

איר האָט מיר דאָס פערד געגעבן, כדי צו שפּאָרן האָבער און זייט דעמאָלט האָט איר דערפון גרויס עגמת נפש; איר האָט געוווסט פון גולן, אַז איך האָב עס פאַרקויפט קענטמאַנען און אַז ער האָט מיר באַצאָלט מיט מזומן געלט, פונדעסטוועגן האָב איך אייך געהערט לייקענען, אַז איר ווייסט עס. איר האָט געהאַט די שטוב לעבן מיינער, און איר קענט שפּרינגען ווי אַ קאַץ, ווי מיר האָבן זיך אַלע אין יענעם אָוונט איבערצייגט; איך האָב אויף יענער זייט פון באַלקאָן געפונען אַ פּאָר צעקוועטשטע וויקל-פלאַנצן. ווען איך בין געגאַנגען אין די באָד-שטוב, איז אייער טיר געשטאַנען אָפן, און ווען איך בין צוריקגעקומען, איז זי געווען פאַרמאַכט.

קענינדזש

דאָס מיט דער טיר הערן מיר היינט צום ערשטן מאָל.



דע לעוויס

איך האָב מיך אין דעם שפּעטער דערמאַנט.

סט. ערטה

נו, דענסי?

דענסי

*מיט אַן אינטענס ווען ישוב-הדעת*

איך וועל דידאָזיקע זאַך אויף אַ ריטערלעכן אופן אַנטשיידן, ווען און ווו עס געפעלט אים, און ער קען זיך אַליין דאָס כּלי-זיין אויסקלויבן.

סט. ערטה

*טרוקן*

די זאַך קען אויף אַזאַ אופן נישט אַנטשידן ווערן — איר ווייסט דאָס זייער גוט. איר מוזט אים פאַרקלאָגן, אויב ער וועט זיינע ווערטער נישט צוריקציען.

דענסי

ציט איר צוריק?

דע לעוויס

פאַרוואָס האָט איר געזאָגט דעם גענעראַל קענינדזש, אַז איר האָט נישט געוווסט, דאָס קענטמאַן האָט מיר באַצאָלט מיט מזומן געלט?

דענסי

ווייל איך האָב עס נישט געוווסט.

דע לעוויס

אויב אַזוי האָבן, הייסט עס, קענטמאַן און גול געזאָגט ליגן — אָן שום סיבה?

דענסי

וואָס גייט דאָס מיך אָן?!

דע לעוויס

אויב איר זענט די גאַנצע צייט געווען אונטן, ווי איר טענהט,

פאַרוואָס איז אייער טיר תחילת געווען אָפן און דערנאָך פאַר־
מאַכט ?

דענסי

איך בין דאָך געווען אונטן, ווי אַזוי קען איך דאָס וויסן ? דער
ווינט אוודאי.

דע לעוויס

איך וואָלט אַ בעלן געווען הערן, וואָס אייער פרוי זאָגט דערצו.

דענסי

מישט נישט אַריין מיין פרוי אין שפּיל, פאַרשאָלטענער ייד !

סט. ערטה

קאַפּיטאַן דענסי !

דע לעוויס

מיט פאַר רציחה

גנב !

דענסי

גיט איר סאַטיספאַקציע ?

דע לעוויס

איר האָט אַ צו פלינקע האַנט — און די טויטע שווייגן. ניין, פאַר־
קלאָגט מיך צוערשט און דערנאָך וועלן מיר זען.

דענסי וויל צו אים צוגיין, אָבער קעניגדזש און ווינסאָר שטעלן זיך אין
דער מיט

סט. ערטה

דאָס איז גענוג, מר. דע לעוויס; מיר ווילן אייך לענגער נישט
אויפהאַלטן. (ער קוקט זיך אום) איר וועט אַזוי גוט זיין באַטראַכטן
אייער מיטגלידערשאַפט פאַר אָפּגעשטעלט אויף אַזוי לאַנג, ביז דער
ענין וועט זיין פולשטענדיק אויפגעקלערט.

דע לעוויס

ציטערנדיק פאַר רציחה

דאגהט נישט וועגן מיין מיטגלידערשאַפט. איך בין זי אייך מוחל.



(צו דענסין) איר האָט מיך גערופן פאַרשאָלטענער ייד. מיר זענען
שוין געווען אַ קולטור־פאָלק, ווען איר אַלע זענט נאָך געווען באַר־
באַרן. איך בין שטאָלץ דערויף, וואָס איך בין אַ ייד ! אויף ווידער־
זען, פאַרן געריכט !

ער גייט אַרויס און לאָזט די אַנדערע איבער שטיינענדיק

סט. ערטה

נו, קאַפּיטאַן דענסי ?

דענסי

אַז דערדאָזיקער שנעק וויל קיין סאַטיספאַקציע נישט געבן, וואָס
זאָל איך דאַן טון, מיילאָרד ?

סט. ערטה

מיר האָבן עס דאָך שוין אייך געזאָגט : פאַרקלאָגן, כדי דעם כבוד
פון אייער נאָמען צוריקצושטעלן.

דענסי

קאָלפאָרד, דו האָסט דאָך געזען, ווי איך האָב אין זאַל מיינע בריוו
דערליידיקט נאָכדעם, ווי מיר האָבן אויפגעהערט שפּילן.

קאָלפאָרד

אוודאי האָב איך דאָס געזען; דו ביסט דאָרט געווען, ווען איך
בין אין רייכער־שטוב געגאַנגען.

קעניגדזש

וויפיל צייט איז אַריבער נאָכדעם ווי איר האָט געהאַט פאַרלאָזן
די בילאַרד־שטוב ?

קאָלפאָרד

אַן ערך פינף מינוט

דענסי

ס'איז מיר אוממעגלעך אויפצווייזן, אַז איך בין די גאַנצע צייט
געווען אונטן.

קעניגדזש

דע לעווים איז מחויב צו באַווייזן, וואָס ער זאָגט. איר האָט גע־הערט, וואָס ער האָט געזאָגט וועגן גולן?

דענסי

ווען ער האָט עס מיר געזאָגט, האָב איך עס פֿאַרהערט.

סט. ערטה

דער כבוד פֿון קלוב שטייט אין קאָן. ווען איר פֿאַרקלאָגן?

דענסי

לאַנגזאַם

דאָס איז פֿאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות, לאָרד סט. ערטה, און איך האָב קיין געלט נישט. איך מוז מיר דאָס איבערלייגן. (ער קוקט פֿון איינעם אויפֿן אַנדערן) זאָל איך די זאַך אַזוי פֿאַרשטיין, אַז אויך איר האָט לגבי מיר ספקות, מיינע הערן?

קאָלפֿאָרד

פּ:סט

ניין.

קעניגדזש

ווען דעם האַנדלט עס זיך איצט נישט, דענסי. פֿאַרשידענע מיט־גלידער זענען געווען עדות פֿון דער דאָזיקער באַשולדיקונג, און מיר טראָגן די אחריות פֿאַרן קלוב. אויב איר וועט נישט פֿאַרקלאָגן, וועט דאַן די געזעלשאַפֿט ממילא א י י ך פֿאַראורטיילן.

דענסי

איך וואָלט גיכער נוטה געווען דעם גאַנצן ענין צו באַטראַכטן פֿאַר אַ זאַך, וואָס קען מיין כבוד נישט באַרירן.

ער דרייט זיך אום און גייט אַרויס. נאָך זיין אַוועקגיין הערשט אַ נאָך לענגער שטילשווייגן ווי פֿריער ביז דע לעווים אַרויסגיין.

סט. ערטה

מיטאַמאָל

די זאַך געפֿעלט מיר נישט.



ווינסאָר

איך קען אים, זייט ער איז אויף די וועלט געקומען.

קאָלפֿאָרד

איך לייג איין מיין קאָפּ, אַז ער האָט עס נישט געטון, לאָרד סט. ערטה. ער און איך זענען מיר צו אַפּט צוזאַמען געווען אויף צרות. גאָט מיינער! עס נעמט מיך אָן אַ חשק צו דערלאַנגען דעם בחור מיטן פֿוס אין הינטן אַריין!

באָררינג

איך באַדויער זייער; אָבער צי האָט ער אייגנטלעך עס ר־ריכטיק באַנומען? איך וואָלט געמיינט — ווען ער האָט דאָס אַזוי פּ־פּלוצ־לינג געהערט — —

קאָלפֿאָרד

שטותים!

ווינסאָר

עס איז אַ מיאוסע מעשה פֿאַר אים.

סט. ערטה

נאָך מיאוסער, אויב ער האָט עס געטון, ווינסאָר.

באָררינג

דאָס געריכט איז אַ־אַלעמען מטה חושד צו זיין, מוזט איר וויסן.

קאָלפֿאָרד

זיין וואָרט איז פֿאַר מיר הייליק.

קעניגדזש

מיר ווילן אויך דענסין גלייבן, ווי איר, קאָלפֿאָרד, כּדי צו ראַ־טעווען דעם כבוד פֿון דער אַרמיי און פֿון קלוב.

ווינסאָר

ווי נאָר ער וועט עס זיך האָבן איבערגעלייגט, וועט ער זעלבסט־פֿאַרשטענדלעך פֿאַרקלאָגן.

ס ט. ע ר ט ה

וואָס זאָלן מיר דערווייל טון ?

ק אָ ל פ אָ ר ד

אויב מ׳וועט פאָדערן, אז דענסי זאָל פון קלוב ארויסטרעטן, וועל איך אויך ארויסטרעטן.

ב אָ ר ר י נ ג

מיר דאכט זיך, אז ער האָט זיך הינטערן ד-דועל געוואָלט באַהאַלטן.

ק אָ ל פ אָ ר ד

האָלט א י ר נישט וועלן דעם שנעק אריינקנאַלן איינמאָל און גוט? אין געריכט גיין ? פאַ !

ו ו י נ ס אָ ר

גאַנץ ריכטיק. אז ער וועט אפילו דעם פּראָצעס געווינען — וואָס האָט ער דען דערפון ?

ב אָ ר ר י נ ג

שאָדן-געלט און אַ פּ-פלעק אויפן נאָמען.

ו ו י נ ס אָ ר

אזוי איז עס, סיידן מען וועט דעם אמתן גנב געפינען. מען גלייבט תמיד דאָס ערגסטע אויף אַ מענטש.

ק אָ ל פ אָ ר ד

באָררינגן פּנקוקנדיק

יאָ.

ק ע נ י נ ד ז ש

אויף אַ פיינעם אופן ק ע ן מען מיט אזא זאַך זיך קיינמאָל נישט אָפּפּאַרטיקן.

ס ט. ע ר ט ה

ניין ! (אויפשטייענדיק) זי לאָזט איבער אַן איבלדיקן נאָך-טעם אויף דער צונג, די יינגע מרס. דענסי באַדויער איך זייער — די אָרעמע פרוי !





ב אָ ר ר י נ ג

ווילט איר ווייטער שפּילן ?

ס ט. ע ר ט ה

פּלוצלינג

ניין, מיין הער ! אַ גוטע נאַכט ! קענינדזש, וועט איר מיך אַ שטיקל באַגלייטן ?

ער גייט ארויס פון קענינדזשן באַגלייט

ב אָ ר ר י נ ג

נאָך אַ קורצן שטילשווייגן

אַלזאָ, איך וויל הערן, וואָס מען זאָגט אין קלוב וועגן דעם.

גייט אַפּ

ק אָ ל פ אָ ר ד

צום טייוול מיטן דאָזיקן ווייבערישן שטאָמלער ! וואָס קענען מיר טון פאַר דענסין, ווינסאָר ?

ו ו י נ ס אָ ר

קאָלפאָרד ! (אַ קורץ שטילשווייגן) דער גענעראַל האָט אין יענעם אָוונט באַרירט דענסי׳ס אַרבל, און ער איז געווען נאַס.

ק אָ ל פ אָ ר ד

נו, און וואָס באַווייזט דען דאָס? ניין ! אַן אַלטער שול-חבר, אַ מלחמה-קאַמעראַד און אַ פריינט !

ו ו י נ ס אָ ר

אויב ער האָט עס באמת געטון — —

ק אָ ל פ אָ ר ד

ער האָט עס נ י ש ט געטון. אָבער אויב ער האָט עס יאָ געטון, וועל איך דאָך האַלטן פאַר אים און אים העלפן, מיט וואָס איך וועל נאָר בכוח זיין.

ווינסאָר גייט צום קאַמין, גלאָצט אין פייער, דרייט זיך אויס און גלאָצט אויף קאָלפאָרדן, וועלכער שטייט אומבאַוועגלעך

קאַלפאַרד

יאָ, בא גאָט!

פאָרהאַנג.

## צווייטע סצענע.

אומגעבונג אינדערפ־י. א קליינע ווין־שטוב פון די דענסיס, וואָס קען ביך אין קלוב־שטוב פון דער פריערדיקער סצענע אויפגעשטעלט ווערן. מייבל דענסי און מאַרגאַרעט אָרמע זיצן אויף א סאָפע אינמיטן שטוב, מיטן פנים אינגאַנצן צום פובליקום געקערט; פאַר זיי וואָלט אין ווירקלעכקייט געווען דאָס פענסטער. לינקס א קאַמין, אין וועלכן עס ברענט א פייער; דערלעבן, פאָרנט־צו, א טיר אין שלאָף־שטוב; רעכטס, קייגנא בער דעם צושויער, פירט א טיר אין א קליינעם פאָדער־הויז און צו דער קאָרי־דאָר־טיר פון דער וווינונג, וועלכע מען זעט. מ׳הערט ביידע זייער גיך רעדן.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, שטעלט זיך מייבל אויף.

מייבל

אָבער דאָס איז דאָך שרעקלעך!

מאַרגאַרעט

אוודאי! (זי צינדט זיך אָן א פאַפּיראָס און דערלאַנגט דאָס עטוּאי מייבלען, וועלכע איז אָבער אזוי פאַרטון אין אירע געדאַנקען, אַז זי זעט גאָרנישט) דע לעוויס וואָלט פונקט אזוי גוט געקענט וואַרפן דעם חשד אויף מיר, אַ נס, וואָס אין דידאָזיקע קליידער קען איך נישט ווייטער שפּרינגען ווי פּופּצן צענטימעטער.

מייבל

דאָס איז א נבלה! נעכטן נאָכמיטאָג אין קלוב, האָסטו געזאָגט? ראָני האָט מיר קיין וואָרט נישט געזאָגט. פאַרוואָס עפּעס?

מאַרגאַרעט

לאַנגזאַם א רויך־וואָלקן ארויסלאָזנדיק

ער וויל דיך דערמיט פאַרשוינען.



מייבל

אָבער — — ליבער גאָט! — — מיך!

מאַרגאַרעט

האָסטו נישט שוין איינגעזען, מייבל, אַז ער רעדט נישט קיין סך? דאָס טוט נישט קיין מענטש, וואָס איז צו אַלץ אַנט־שלאָסן.

מייבל

ראָני!

מאַרגאַרעט

גאָט מיינער? פרויען קענען זיך ווירקלעך נישט אויף קיין מענטשן באַזונדערס אין אָנהייב. דו האָסט מיט אים נישט געיאָגט, מיין ליבע. ער איז פלינקער אין זיינע באַשלוסן ווי וועלכער עס איז אַנדערער מאַן, וואָס איך קען. איך וועט מיך, אַז ער פלאַנט שוין ווידער עפּעס איבערראַשנדיקס.

מייבל

דערדאָזיקער שנעק דע לעוויס! איך בין די גאַנצע צייט געווען אין אונזער שטוב דערלעבן.

מאַרגאַרעט

איז די טיר צו ראָניס שלאָף־שטוב געשטאַנען אָפן?

מייבל

איך ווייס נישט; איך — איך גלייב, אַז יאָ.

מאַרגאַרעט

דו קענסט דאָס אויף יעדן פאַל זאָגן פאַרן געריכט. וויכטיק איז דאָס אפילו נישט. פרויען פון באַשולדיקטע זענען דאָך לויטן געזעץ אַלס עדות נישט באַגלויבט.

מייבל

די אויגן אויף איר אויסגאַנצנדיק

פאַרן געריכט? וואָס מיינסטו דערמיט?

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

ער וועט מוזן אָנקלאָגן פאַר רכילות, אָדער ווי מען רופט דאָס נאָך דאָרט.

מ י י בּ ל

האָט מען וועגן דעם נעכטן אין אָוונט בּאַ ווינסאָרן גערעדט?

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

נו, דו ווייסט דאָך, ווי עס גייט צו בּאַ אַן אָוונט־מאָל, מייבּל — אין דערדאָזיקער צייט פון יאָר זענען סקאַנדאַל־מעשות אַ מתנה פון זיין ליבּן נאָמען.

מ י י בּ ל

עס איז שרעקלעך, עס איז שרעקלעך!

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

טריבּ

ווען אַלע וואָלטן נאָר נישט געוווּסט, אַז ראָבּי איז אַזוי נקי.

מ י י בּ ל

די הענט אויפן שטערן

איך קאָן עס מיר נאָך גאָרנישט פאָרשטעלן — איך קען עס פשוט נישט. אויבּ עס וועט קומען צו אַ פּראָצעס — וועט דאַן אַלץ ווי־דער זיין אין אָרדנונג?

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

דערמאַנסטו דיך אין סט. אָפּערט — קאַרטן? ניין, דו קענסט דאָס נישט געדענקען — דו בּיסט נאָך דעמאָלט געווען אַ קינד. אַלזאָ, סט. אָפּערט האָט בּאַקומען שאָדן־געלט, אָבּער מ'האָט אים אויך געהייסן מוחל זיין. ער לעבּט איצט אין אירלאַנד. אויף וויפיל איך זע, האָט די אומבּאַפלעקטקייט קיין שום שייכות נישט מיט דעם גוטן נאָמען פון אַ מענטש. קוק מ י ך אָן!

מ י י בּ ל

מיר וועלן זיך בּאַשיצן מיט די לעצטע כּוחות!



מ אַ ר ג אַ ר ע ט

מייבּל, דו בּיסט אַ כּשר לעמעלע, אין יעדן פּרט; יעדער האָט רחמנות אויף דיר.

מ י י בּ ל

אויף א י ם דאַרפן זיי — — —

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

דאָס עטוואָי איר ווידער דערלאַנגנדיק

רויכער דאָך, מיין טייערע!

מייבּל נעמט דאָס מאָל אַ פּאַפּיראָס, זי צינדט אים אָבּער נישט אָן

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

ס'איז גאָרנישט אַזאַ פּשוטע זאַך. גענעראַל קעניגדזש איז נעכטן אין אָוונט דאָרט געווען. איך מעג דאָך זיין אָפנהערציק, נישט אמת?

מ י י בּ ל

יאָ, איך בּעט דיך וועגן דעם.

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

אַלזאָ, פאַר אים עקזיסטירט נישט עפּעס אַנדערש ווי „עספּרידע קאָרפּ" און ווי דאָס הייסט דאָרט נאָך. אָבּער ער האָט ז י י ע ר ווייניק גערעדט.

מ י י בּ ל

איך האָבּ פיינט האַלבּקייטן בּאַ פריינט. לאָיאַל זיין שטייט העכער פון אַלץ!

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

יאָ־אָ; אָבּער ווען דו מוזסט פאַר צוויי זייטן יוצא זיין, ווי דאָס איז אָפּטמאָל נייטיק?

מ י י בּ ל

איך מ וּ ז ראָבּין זען. האָסטו גאָרנישט קעגן דעם, אויבּ איך וועל אים רופן?

מאַרגאַרעט

ביטע זייער.

מייבל גייט אַרויס צו דער טיר לינקס

מאַרגאַרעט

אָרעם קינד!

זי קאָרטשעט זיך איין אין אַן עק פון דער סאָפע, גלייך ווי זי וואָלט וועלן זיך איזאָלירן פון לעבן. מען קלינגט. מאַרגאַרעט באַווייזט זיך, שטייט אויף, גייט אין פאָדזיר-הויז און עפנט די קאָרידאָר-טיר, דורך וועלכער עס קומט אַריין די לידי אַדעלאַ ווינסאָר. וועלכע מאַרגאַרעט פירט אַריין אין די וווין-שטוב

מאַרגאַרעט

דער צווייטער מערדער טרעט אויף! ווייסטו, אַז דאָסדאָזיקע קינד האָט פון גאָרנישט געוווּסט.

לידי אַדעלאַ

וווּ איז זי?

מאַרגאַרעט

זי טעלעפאָנירט גראָד. אַדעלאַ, אויב ס'וועט קומען צו אַ פּראָצעס, וועלן מיר מוזן זיין עדות. איך וועל דאַן טראָגן שוואַרצן זשאָרזשעט מיט אַן עקרי-הוט. ביסט שוין אַמאָל געווען אַן עדות?

לידי אַדעלאַ

קיינמאָל נישט.

מאַרגאַרעט

דאָס מוז אוודאי זיין שרעקלעך אינטערעסאַנט!

לידי אַדעלאַ

אָ! פאַרוואָס האָב איך פאַרבעטן צו אונז דעמדאָזיקן לידאַק דע לעוויס? פריער האָב איך אים אָפט געהאַלטן פאַר אינטערעסאַנט. מעג — ווייסט דו אויך — אַז ראָנאַלד דענסיס ראָק איז געווען נאַס? דער גענעראַל האָט אים צופעליק אָנגערירט.



מאַרגאַרעט

דערפאַר איז ער דאָס געווען אַזוי איינגעהאַלטן אין רעדן!

לידי אַדעלאַ

און נאָך דער נעכטיקער סצענע אין קלוב האָט ער אויפגעזוכט די בוקמעקערס, און גול — וואָס פאַר אַ נאָמען! — דערמאָנט זיך גאַנץ גענוי, אַז ער האָט דענסין דערציילט וועגן פאַר-קויף.

מאַרגאַרעט

מיטאַמאָל

וואָס גייט דאָס מיך אָן! ער איז דאָך מיינער אַ ווייטער קרוב. פילסטו נישט, אַז דו וואָלסט עס פשוט נישט געקענט טון, אַדעלאַ?

לידי אַדעלאַ

נישט געקענט טון — וואָס דען?

מאַרגאַרעט

זיך אָננעמען פאַר דע לעוויסן קעגן איינעם פון אונז?

לידי אַדעלאַ

דאָס איז זייער ענגהאַרציק, מעג.

מאַרגאַרעט

אָ! איך קען אַ סך אויסגעצייכנטע יידן, און דער קליינער פערדי האָט באַ מיר שטאַרק נושא-חן געווען; אָבער אַז עס קומט דער-צו — האַלטן זיי זיך אַלע צוזאַמען; פאַרוואָס אויך מיר נישט? עס ליגט אין בלוט. לאָז דיר דיין האַרץ אויפשניידן, און דאָס וועט זיך באַלד אַרויסווייזן.

לידי אַדעלאַ

מיין טייערע, מיין עלטער-באָבע איז געווען אַ יידיש קינד. איך בין זייער שטאָלץ אויף איר.

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

זיך אויסניעענדיק

פֿאַראורטיילן, אַדעלאַ — אָדער איז עס לאָיאַליטעט ? — איך ווייס נישט — מיר אַלע שניידן זיך איינער דעם אַנדערן די העלזער אָפּ — אין דער לענג און אין דער ברייט — צוליב די ערלעכסטע מאָטיוון.

ל ײ ד י  אַ ד ע ל אַ

אָ ! דאָס וועל איך מיר נעמען אין זכרון אַריין. ס'איז אויסגעצייכנט! (אַ פֿינגער אויפֿהייבנדיק) דאָס האָסטו פֿון בערגסאָנען, מעג. איז ער נישט ווונדערפֿול ?

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

האָסט אַמאָל עפּעס פֿון אים געלייענט ?

ל ײ ד י  אַ ד ע ל אַ

דעם אמת געזאָגט — ניין ! (קוקט צו דער שלאָף-שטוב-טיר) דאָס אָרעמע קינד ! דו ביסט גערעכט. איך וועל יעדן זאָגן, אַז עס איז לעכערלעך. דו גלייבסט דאָך נישט, אַז ראָנאַלד דענסי האָט טאַקע — — ?

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

כ'ווייס נישט, אַדעלאַ. פֿאַרהאַן מענטשן, וואָס קענען אָן סכּנה פּשוט נישט לעבן. איך בין בטבע כּמעט אויך אַזאַ מענטש. זיי זענען אויפֿן ריכטיקן אָרט, ווען זיי ווילן דעם מעדאַל פֿאַר העלדישקייט אויסקעמפֿן אָדער ווען זיי ממיתן מענטשן-פֿרעסער ; קוים אָבער איז קיין אויפֿרעגנדיקס מער נישטאָ, שאַפֿן זיי עס זיך אַליין — אויס ריינער תּאווה צו אַוואַנטורעס. איך האָב אַליין געזען, ווי ראָני דענסי האָט די משוגע-ווילדעסטע זאַכן אָפּגעטאָן, נאָר ווייל עס האָט געשמעקט מיט סכּנת-נפֿשות. ער האָט אַ פֿאַרגאַנגענהייט, מוזסטו וויסן — —

ל ײ ד י  אַ ד ע ל אַ

אָ ! דערצייל דאָך !

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

ער האָט זיך אין דער מלחמה זייער אויסגעצייכנט, פֿאַרשטייט זיך



באַר דערפֿאַר, ווייל ער האָט זיך דאָ געפֿילט ווי אַ פֿיש אין וואַסער ; אָבער — פֿריער נאָך — אַ קאַרק-ברעכערישע זאַך, דערמאָנסטו זיך נישט ?

ל ײ ד י  אַ ד ע ל אַ

ניין.

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

אַ מעשה-נורא ממש — דו מוזסט אוודאי נאָך געדענקען — מ'האָט אַזוי פֿיל וועגן דעם גערעדט. און דערנאָך, נאַטירלעך, ביז צולעצט פֿאַר זיין חתונה — —

זי צינדט-אָן אַ פּאַפּיראָס

ל ײ ד י  אַ ד ע ל אַ

מעג, צי מיר נישט אויס די נשמה !

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

אַ פֿרעמד אויסזעענדיק מיידל — אַ ליב רייצנדיק באַשעפֿעניש. אָ, ראָני קען באַצויבערן — דאָסדאָזיקע קינד מייבל האָט גאָר קיין אַנונג נישט, וואָס זי פֿאַרמאָגט אין אים.

ל ײ ד י  אַ ד ע ל אַ

אָבער זיי האָבן זיך דאָך אַזוי ליב !

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

דאָס איז טאַקע דער חסרון. דער גענעראַל וועט דאָך וועגן דעם ראָק מער קיינעם נישט דערציילן, נישט אמת ?

ל ײ ד י  אַ ד ע ל אַ

אָ, ניין ! נאָר מיט טשאַרלן האָט ער וועגן דעם גערעדט.

מייבל קומט צוריק

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

האָסטו אים געפּאַקט ?

מ ײ ב ל

ניין, ער איז נישט אין דער רייט-שול און אויך נישט אין קלוב.

לײדי אדעלא שטעלט זיך אויף און באגריסט זי מיט א מינע, וועלכע זאָל אויסדריקן צער

לײדי אַדעלאַ

קײנער װעט דאָס נישט גלײבן, מײן ליבע.

מײבל

קוקט איר גלײך אין פּנים

דער, װאָס גלײבט, דאַרף זיך נישט מטריח זײן אַהער אָדער װען־עס־איז מיט אונז רעדן.

לײדי אַדעלאַ

פאַר דעם האָב איך מורא געהאַט, אַז דו װעסט װערן חוצפּהדיק. טו דאָס בעסער נישט! בלײב, װי דו ביסט.

מײבל

אַזאַ פּשוטע זאַך, נישט אמת? איך װאָלט אומגעבראַכט יעדן, װאָס קען אַזאַ זאַך גלײבן!

מאַרגאַרעט

דו װעסט דאַרפן אַן אַדװאָקאַט, מײבל. גײ צום אַלטן מר. דזשײקאָב טװיסדען.

לײדי אַדעלאַ

יאָ, ער װירקט אַזױ באַרויִקנדיק.

מאַרגאַרעט

ס'איז אים אַמאָל געלונגען מײנע פּערל צוריקצובאַקומען — און ס'האָט דערבײ קײנעם דאָס לעבן נישט געקאָסט. אַן אױסערגעװײנלעך געמיטלעכער הער. זאָל ער דאָ אַהערקומען, מײבל, און רעדט זיך צונויף אַלע דרײ!

מײבל

הערט: אָט קומט ראָני!

דעני קומט אַרײַן

דעני

שמײכלענדיק

זײער שײן, װאָס איר זענט געקומען.



מאַרגאַרעט

יאָ. מיר װילן גראָד אַװעקגײן. אַך, ראָני, דאָס איז דאָך אָבער צו — —

זעענדיק דעם אויסדרוק פון זײן פּנים װערט זי דאָך אַנטשװיגן, זי גײט פאַר אים פאַרבײ, נישט קוקנדיק אויף אים, און פאַרלאָזט די שטוב

לײדי אַדעלאַ

טשאַרל לאָזט אײַך הערצלעך — גריסן — —

די שטים פאַרהאַקט זיך איר און אויך זי גײט אַרויס

דעני

צו זײן פרוי צוגײענדיק

װאָס האָבן זײ גערעדט?

מײבל

ראָני! פאַרװאָס האָסטו דאָס מיר נישט געזאָגט?

דעני

איך האָב פריער געװאָלט זיך נאָך אַמאָל זען מיט דע לע־װיסן.

מײבל

דעם אויסװורף?! װי האָט ער עס געקענט זיך דערװעגן? ליבסטער! (זי נעמט אים פּלוצלינג אַרום און קושט אים. ער אָבער ענטפערט נישט מיט קײן קוש, נאָר ער בלײבט אומבאַװעגלעך אין איר אָרעמס אַזױ, אַז זי לאָזט אים אָפּ און קוקט אים אָן). דו האָסט געהאַט גרױסע יסורים, איך װײס עס.

דעני

הער, מײבל! אָפּגעזען פון דערדאָזיקער נבלה, פירן מיר דאָ אַ שרעקלעך באַלעבאַטיש לעבן. לאָמיר מאַכן אַ סוף און אַרויסװאַנדערן קײן נײַראָבי. דאָס געלט דערויף קען איך מיר שאַפן.

מײבל

דערשראָקן

אָבער װי אַזױ קענען מיר דאָס טון? די גאַנצע װעלט װעט זאָגן — —

דענסי

לאָז זי געמאַך! מיר ווען מער נישט דאָ זיין!

מייבל

איך וואָלט נישט געקענט אַריבערטראָגן דעם געדאַנק, אַז די מענטשן וועלן גלייבן — —

דענסי

וואָס גייט דאָס מיך אָן, וואָס די מענטשן גלייבן — מאַלפּעס און קעץ! איך האָב דידאָזיקע שטינקענדיקע מענאַזשעריע קיינמאָל נישט געקענט סובל זיין. אגב, איז עס אַלץ איינס, וואָס איך וועל איצט טון; ווען איך וועל אפילו פאַרפירן דעם פּראָצעס און שאָדן־געלט באַקומען — ווען איך וועל אפילו מאַכן פון אים אַ קאַשע — איז אַלץ בחנם! איך קען עס דאָך נישט באַ ווייזן. אַ גאַנצן עולם מענטשן איז דאָך פשוט נישט מעגלעך צו איבערצייגן.

מייבל

אָבער מען וועט דאָך געוויס געפינען דעם אמתן גנב.

דענסי

מיט אַ לייכטן משונהדיקן שמייכל

וועט מען דען אים גיכער געפינען, אויב מיר וועלן דאָ בלייבן?

מייבל

מיט שרעק און פּיין

אָ! איך קען נישט — עס וועט אויסזען, ווי מיר וואָלטן פונדאַנען אַנטלאָפן! מיר מוזן בלייבן און עס אויסקעמפן.

דענסי

אָנגענומען, אַז דער פּסק־דין וועט אויספאַלן נישט לטובת מיר — דאָס לאָזט זיך דאָך קיינמאָל נישט פאַרויסזאָגן.

מייבל

אָבער ער מוז אויספאַלן לטובת דיר — איך בין דאָך די גאַנצע צייט דאָרט געווען, און די טיר איז געווען אָפן.

דענסי

איז זי געווען אָפן?



מייבל

איך ווייס עס כמעט אויף זיכער.

דענסי

יאָ, אָבער דו ביסט מיין ווייב.

מייבל

צעטומלט

ראַני, איך פאַרשטיי נישט — ווי וואָלט געווען, ווען מען וואָלט מיך באַשולדיקט, אַז איך האָב געגנבעט פּערל!

דענסי

אויפגערעגטערנדיק

דאָס איז אוממעגלעך!

מייבל

אָבער עס קען דאָך לייכט געמאָלט זיין. וואָס וואָלסטו וועגן מיר געטראַכט, ווען איך וואָלט אַנטלאָפן פונדאַנען?

דענסי

כ'פאַרשטיי שוין. (אַ שטילשווייגן) גוט, איך וועל דיר נאָכגעבן. איך וועל זיך זען מיט דעם אַלטן טווויסדען.

מייבל

לאָז מיך מיטגיין!

דענסי שאָקלט מיטן קאָפּ

מייבל

פאַרוואָס נישט? איך קען קיין איין מינוט מער נישט גליקלעך זיין, אויב איך וועל דאָס נישט קענען אויסקעמפן.

דענסי שטרעקט איר פּלוצלינג אַקעגן די האַנט און נעמט אָן איר האַנט

דענסי

דו ביסט אַ גאָלדן קינד!

מ י י ב ל

זיין האַנט צו איר ברוסט דריקנדיק און קוקנדיק אים אין פּנים

דו ווייסט, וואָס מאַרגאַרעט האָט וועגן דיר געזאָגט?

ד ע נ ס י:

ניין.

מ י י ב ל

אַז דו ביסט אַ מענטש, וואָס איז צו אַלעם אַנטשלאָסן.

ד ע נ ס י

אַ היימישע קאַץ בין איך נישט, פּונקט אַזוי גוט ווי זי.

מיקלינגס. מייבל גייט צרויס אויפמאַכן די טיר און מ'הערט זי זאָגן מיט אַ קאַלטער שטים

מ י י ב ל

ווילט איר מוחל זיין אַ מינוט צוואַרטן? (זי קומט צוריק) ס'איז דע לעוויס — ער וויל מיט דיר רעדן. (שטיל) לאָז מיך צוערשט אַליין מיט אים רעדן. נאָר איין מינוט! כ'בעט דיך!

ד ע נ ס י

נאָך אַ גאַנץ קורצן שטילשווייגן

זאָל זיין אַזוי!

גייט אָפּ אין שלאָף-שטוב

מ י י ב ל

צו דער טיר רעכטס-צו

קומט אַריין!

דע לעוויס קומט אַריין און בלייבט צעטומלט שטיין

מ י י ב ל

ביטע?

ד ע ל ע וו י ס

מיט אַ קליינער פאַרביגונג

אייער מאַן, מרס. דענסי?



מ י י ב ל

ער איז אינדערהיים. פאַרוואָס ווילט איר מיט אים רעדן?

ד ע ל ע וו י ס

ער איז געווען אין מיין וווינונג גראָד ווען איך בין נישט געווען אינדערהיים. ער האָט מיר נעכטן געדראָט. זאָל ער נישט מיינען, אַז איך האָב פאַר אים מורא.

מ י י ב ל

מיט אַ גרויסער און באַשיינפּערלעכער אָנשטרענגונג זיך צו באַהערשן

מר. דע לעוויס, איר נעמט צו בײַ מיין מאַן זיין גוטן נאָמען.

ד ע ל ע וו י ס

אויפריכטיק

איך באַוווּנדער אייער פּאַרטרויען, מרס. דענסי

מ י י ב ל

אים שאַרף אָנקוקנדיק

ווי קענט איר דאָס טון? וואָס ווילט איר אייגנטלעך? וואָס פאַר אַ גרונט האָט איר? ס'איז דאָך נישט מעגלעך, אַז איר זאָלט מיין מאַן האַלטן פאַר אַ ג נ ב?

ד ע ל ע וו י ס

ליידער איז עס אַזוי.

מ י י ב ל

ווי אַזוי דערוועגט איר זיך?! ווי קענט איר עס זיך גאָר דער-וועגן?! ווייסט איר דען נישט, אַז די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געווען אין אונזער שלאָף-שטוב, איז די טיר געשטאַנען אָפן? באַ-שולדיקט איר אויך מיך?

ד ע ל ע וו י ס

ניין, מרס. דענסי.

מ י י ב ל

און דאָך טוט איר עס. איך וואָלט עס דאָך געמוזט זען, איך וואָלט עס דאָך געמוזט הערן!

דע לעוויס

דער זכרון פון אַ פרוי איז נישט זייער גוט, ווען איר מאַן איז אין סכּנה.

מייבל

מיט אַנדערע ווערטער: איך זאָג ליגן.

דע לעוויס

ניין. אייער ווונטש איז נאָר דער פאָטער פון געדאַנק.

מייבל

נאָכדעם ווי זי האָט אים מיט גרויל שאַרף אָנגעקוקט, דרייט זי זיך אום, כּדי זיך צו באַהערשן. דאַן קערט זי זיך ווידער אום צו אים

מר. דע לעוויס, איך אַפּעליר צו אייך, ווי צו אַ דזשענטלמען: באַהאַנדלט אונז אַזוי, ווי איר וואָלט עס פון אונז דערוואַרט. רופט צוריק דידאָזיקע שענדלעכע באַשולדיקונג און גיט וועגן דעם אַ שריפטלעכע דערקלערונג, כּדי ראָנאַלד זאָל זי קענען ווייזן.

דע לעוויס

מרס. דענסי, איך בין נישט קיין דזשענטלמען, איך בין נאָר אַ פאַרשאָלטענער ייד. נעכטן נאָך וואָלט איר אפשר די באַשולדיקונג געקענט צוריקציען, כּדי אייך צו שוינען. אָבער אַזוי ווי מיין פאָלק איז באַליידיקט געוואָרן, האָב איך אייער מאַן גאָרנישט מער וואָס צו זאָגן און איך בין נאָר געקומען דערפאַר, ווייל ער האָט מיט מיר געוואָלט רעדן. זאָגט עס אים, כ׳בעט אייך!

מייבל

אים ווידער מיט דער זעלבער שרעק באַטראַכטנדיק — לאַנגזאַם

ס׳איז אוממעגלעך צו געפינען ווערטער פאַר דעם שוידערלעכן, וואָס איר טוט איצט!

דע לעוויס מאַכט פאַר איר אַ קליינע פאַרבייגונג, אָבער אין דער זעלבער מינוט קומט דענסי האַסטיק אַריין פון לינקס. ביידע מענער שטייען איי־נער אַקעגן אַנדערן, נאָר דורך דער לענג פון דער סאָפע אָפּגעטיילט. מייבל, וועלכע שטייט הינטער דער סאָפע, ווענדעט דעם בליק אויף איר מאַן, וועלכער האַלט אין דער רעכטער האַנט אַ בלאַט פּאַפּיר



דע לעווינ

איר זענט צו מיר געקומען מיט מיר רעדן.

דענסי

איך פאַרלאַנג פון אייך, אַז איר זאָלט אָט דאָס אונטערשרייבן.

דע לעוויס

איך שרייב גאָרנישט אונטער.

דענסי

איך וועל עס אייך פאָרלייענען: „איך בעט איבער דעם כּבוד פון קאַפּיטאַן דענסי פאַר דער נאַרישער און שרעקלעכער באַשולדי־קונג, וואָס איך האָב אויף אים געוואָרפן, און איך צי יעדעס וואָרט דערפון צוריק״.

דע לעוויס

עס פאַלט מיר נישט איין!

דענסי

איר וועט אונטערשרייבן!

דע לעוויס

איך דערקלער אייך, אַז עס איז אומזיסט. איך שרייב גאָרנישט אונטער. די באַשולדיקונג איז אמת; איר וואָלט זיך נישט אַזוי אויפגעפירט, ווען עס וואָלט אַזוי נישט געווען. איך גיי. איר וועט דאָך אין אָנוועזנהייט פון אייער פרוי קיין געוואַלט־טאַטן נישט באַגיין; און אויב איר וועט עס אַנדערשוווּ פּרוּוון טון — היט אייך!

דענסי

מייבל, איך מוז אַליין מיט אים רעדן.

מייבל

ניין, ניין!

דע לעוויס

זייער ריכטיק, מרס. דענסי. דידאָזיקע גאַנצע מויל־בריהשקייט מאַכט נאָר די זאַך פאַר אים נאָך ערגער.

דענסי

וואָס ? ! איר פאַרקריכט זיך הינטער אַ פרוי, איר פחדנישער הונט!

דע לעווים מאכט א שריט מיט געביילטע פויסטן און פלאַמעדיקע אויגן. און דענסי שטייט גרייט צו ווארפן זיך אויף אים — מייבל מאכט א סוף צו דער אויגנבליקלעכער שפאַנונג דורכדעם, וואָס זי גייט האַסטיק צו צו איר מאַן.

מייבל

ראַני, ניין ! ס'איז אַ פחיתת-הכבוד פאַר דיר ! ער איז עס נישט ווערט.

דענסי צעררייסט פלוצלינג דאָס בלאַט אויף צוויי און וואַרפט די שטיקלעך אין פייער

דענסי

אַרויס ! שמוציקער ייד !

דע לעווים בלייבט אַ ווײַלע אומאַנטשלאָסן שטיין, ער נעמט זיך דאַן גיין צו דער טיר, בלייבט ווידער אַ ווײַלע שטיין, שמייכלט און גייט דאַן אַרויס. מייבל לויפט צו צו דער טיר און פאַרמאַכט זי, ווי באַלד די קאָרידאָר-טיר ווערט פאַרמאַכט. דאַן בלייבט זי אומבאַוועגלעך שטיין און קוקט אָן איר מאַן — איר פּנים דריקט אויס שרעק און אומזיכערקייט

דענסי

זיך אומדרייענדיק און זי צנקוקנדיק

נו ? גיסט דו אים גערעכט ?

מייבל

וואָס מיינסטו ?

דענסי

אַז איך וואָלט מיך נישט אַזוי אויפגעפירט, ווען נישט — —

מייבל

ניין ! דו פאַרשאַפסט מיר יסורים !

דענסי

יאָ, וואָס ווייסטו פון מיר, מייבל ?



מייבל

ראַני !

דענסי

וואָס האָסטו דעמדאָזיקן קרעציקן הונט געזאָגט ?

מייבל

אַז ער באַגנבעט אונז (דרייט זיך פלוצלינג צו אים אויס) ראַני — דו האָסט עס דאָך נישט געטון ? זאָג עס מיר בעסער !

דענסי

האַ ! איך האָב זיך געריכט, אַז דאָס וועט נאָכקומען.

מייבל

די הענט פארן פּנים צוגעדעקט

אַך ! ווי געמיין איז עס פון מיר ! ווי געמיין !

דענסי

אַבסאָלוט נישט. די זאַך זעט טאַקע זייער מיאוס אויס.

מייבל

לאָזט אַראָפּ די הענט

אויב איך קען אין דיר מער נישט גלייבן, ווער דען וועט עס נאָך קענען? (גייט-צו צו אים, וואַרפט אים די אָרעמס אַרום דעם האַלז און קוקט צו אים אַרויף) ראַני ! ווען אפילו די גאַנצע וועלט — איך וועל דאָך אין דיר גלייבן. דו ווייסט עס דאָך.

דענסי

גוט, מייבל ! גוט ! (זיין פּנים איבער איר קאָפּ זעט אַ ווײַלע אויס פאַר-קרומט, דאַן ווערט עס פאַרהאַרטעוועט אין אַ מאַסקע) אַלזאָ, וואָס טוען מיר איצט ?

מייבל

אָ, לאָמיר גיין צום אַדוואָקאַט — לאָמיר תיכף גיין !

דענסי

גוט. נעם דיין הוט.

# ד ר י ט ע ר  א ק ט

מײבל גײט פאַר אים פאַרבײ אין שלאָף־שטוב לינקס. דענסי, װעלכער בלײַבט אַלײן, בלײַבט אומבאַװעגלעך שטײן און קוקט פאַר זיך מיט אַ פאַרשטאַרטן בליק. גיט פּלוצלינג אַ קװעטש מיט די פּלײצעס, דרײט זיך אום און נעמט זײַן הוט ברעג דאַמאָלס, װען מײבל קומט צוריק, גרײט אַרויסצוגײן. ער עפנט די טיר; זי גײט פאַר אים פאַרבײ, בלײַבט אויף דער שװעל שטײן און קוקט אים אָן פעסט און פול מיט בטחון, בעת דער

פ אַ ר ה אַ נ ג  פאַלט.

# ערשטע סצענע.

דריי חדשים שפעטער. דאָס ביוראָ פון אַלטן מר. דזשייקאָב טוויסדען אין דער קאַנצעלאַריע פון טוויסדען עט גרייוויסער אין לאָנדאָנער אדוואָקאַטן-קוואַרטאַל לינקאָלנס אין פיעלדס איז ברייטהדיק, האָט צוויי גרויסע פענסטער אין הינטערגרונט, אַ שיינעם אַלטן קאַמין אין דער רעכטער זייטן-וואַנט, פאַר אים אַ טיר און צוויי טירן אין דער לינקער זייטן-וואַנט. צווישן די ביידע פענסטער שטייט לענג-אויס צו דער וואַנט אַ גרויסער שרייב-טיש מיט אַ שטול אינדערמיט פון דער רעכטער זייט, אַ שטול בײַ דער וואַנט און אַ שטול פאַר די קליענטן לינקס.

גרייוו סער, טוויסדענס פיל יינגערער שותף, שטייט פאַרן פענסטער רעכטס און קוקט אַרויס אויפן פּלאַץ, ווו עס ווערן ביי׳אַד אַנגעצונדן די לאַמטערן און טינוואַנגען אויס מען הערט דאָס גערויש פון אַ טאַקסאַמעטער. ער דרייט אַוועק זיין רויטלעך, שאַרף-בליקנדיק פנים פון פענסטער צו דעם הויכן שטיי-זייגער צווישן די ביידע טירן פון דער לינקער זייטן-וואַנט — ער שלאָגט גראָד פיר. די טיר פאָרנט לינקס ווערט געעפנט.

### אַ יינגער שרייבער

אַריינקומענדיק

**אַ געוויסער מר. דזשילמאַן, וועלכער וויל רעדן מיט מר. טוויסדען.**

גרייוויטער

ניט בלויז איר אַליין.

א שטילשווייגן

דזשילמאַן

דאָס מוז אוודאי דער דזשענסי-דע לעוויס-פּראָצעס אים צוריקהאַלטן אין געריכט, נישט אמת?

גרייוויטער שאָקלט מיטן קאָפּ

דזשילמאַן

וועט זיך אוודאי פאַר אַ טאָג אָדער צוויי נישט ענדיקן?

גרייוויטער שאָקלט מיטן קאָפּ

דזשילמאַן

ניין. ס'איז צו באַוווּנדערן דעם אינטערעס, וואָס דער עולם ווייזט אַרויס צו דעמדאָזיקן פּראָצעס.

גרייוויטער

זייער ריכטיק!

דזשילמאַן

די גרויסע געזעלשאַפט, ע? דערדאָזיקער קאַפּיטאַן דזשענסי האָט באַקומען דעם העלדישקייט-מעדאַל, נישט אמת?

גרייוויטער שאָקלט מיטן קאָפּ

דזשילמאַן

טרויעריק, ווען מ'רעדט אויף אײנעם אַזעלכע זאַכן. איך גלייב, אַז ער האָט אין זיינע דערקלערונגען פאַרן געריכט גוט אָפּגעשניטן, און זיין ווייב אויך. עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי דערדאָזיקער דע לעוויס וואָלט זיך וועלן נוקם זיין אין אַן אינטימער זאַך. Cherchez la femme, האָב איך ערשט היינט אינדערפרי געזאָגט צו מיין ווייב, איידער איך —

גרייוויטער

אַפּראָפּאָ, מיין הער, וואָס האָט אייך אַהערגעבראַכט?



גריי'וויטער

אָנגעזאָגט?

דער יונגער שרייבער

ניין, מר. גרייוויטער. אָבער ער זאָגט, אַז ער האָט זייער אַ וויכטיקן ענין.

גרייוויטער

זאָל ער אַריינקומען.

דער יונגער שרייבער גייט אָפּ

גרייוויטער זעצט זיך באַם טיש רעכטס. דער יונגער שרייבער קומט צוריק און פירט אריין אַן עלטערן הער, וועמענס אויסזען זאָגט עדות, וואָס ער איז: באַזיצער פון אַ גרויס געשעפט פון קאָלאָניאַל-סחורות. ער טראָגט אַ טונקעלן פּאַלטאָ און האַלט אַ צילינדער אין דער האַנט. זיינע גראָבלעכע גרויע וואָנסעס און קאָטלעט-באָרד גיבן אים צו דעם אויסדרוק פון אַ קאַץ.

גרייוויטער

זיין סאָציאַלן שטאַנד אָפּוועגנדיק

מר. דזשילמאַן? ביטע?

דזשילמאַן

אין ספק

מר. דזשייקאָב טוויסדען?

גרייוויטער

שמייכלענדיק

זיין שותף, גרייוויטער איז מיין נאָמען.

דזשילמאַן

מר. טוויסדען איז בכן נישטאָ?

גרייוויטער

ניין, ער איז אין געריכט. ער איז נאָר וואָס אַרויס; ער מוז אַ ליאַדע רגע צוריקקומען. אָבער ער איז זייער פאַרנומען.

דזשילמאַן

דער אַלטער מר. דזשייקאָב טוויסדען — איך האָב שוין פון אים געהערט.

דזשילמאַן

אַז מיך האָט אַהערגעבראַכט, הייסט עס — — ניין, כ'בעט איבער אייער כבוד, אָבער איך וויל בעסער וואַרטן און רעדן מיטן אַלטן דזשייקאָב טווינסדען. ס'איז אַ דעליקאַטע זאַך, ווען וועלכער כ'וואָלט וועלן זיך מיט אים משאל-עצה זיין.

גרייוויטער

קוועטשנדיק מיט די פּלייצעס

נו, גוט. אויב אַזוי וועט איר אפשר מוחל זיין דאָרט צוּוואַרטן.

גייט צו צו דער טיר אין דער לינקער זייטן-וואַנט.

דזשילמאַן

אַ דאַנק. (אים נאָכגייענדיק) איר מוזט וויסן, אַז איך האָב נאָך קיינמאָל מיטן געריכט נישט געהאַט צו טון — —

גרייוויטער

די טיר אויפמאַכנדיק

אַזוי?

דזשילמאַן

און איך האָב אויך נישט קיין חשק מיט אים אָנצוהייבן. הייבט מען איינמאָל אָן, קען מען שוין מער דערפון נישט פּטור ווערן, נישט אמת? איר מוזט וויסן, אַז איך בין נאָר צוליב פליכט-באַוווסטזיין געקומען אַהער און — צוליב אַנדערע טעמים.

גרייוויטער

דאָס קען גרייליך געמאָלט זיין.

דזשילמאַן

זיין וויזיט-קאַרטע ווייזנדיק

אָט איז מיין קאַרטע. זשילמאַן — פאַרשידענע פּיליעס, אָבער דאָס איז דאָס הויפּט-געשעפט.

גרייוויטער

די קאַרטע גוט אָנקוקנדיק

אַהאַ!



דזשילמאַן

קאָלאָניאַל-סחורות — איר קענט מיך מסתמא? אויב נישט איר, איז אייער ווייב. מען שמועסט, אַז דער אַלטער מר. דזשייקאָב טווינסדען האָט דעם אַדל-טיטול נישט געוואָלט אָננעמען. פאַרוואָס אייגנטלעך, אויב ס'איז דערלויבט צו פרעגן?

גרייוויטער

זייט מוחל און פרעגט אים אַליין, פרעגט אים!

דזשילמאַן

דעמאָלט האָב איך צו מיין ווייב געזאָגט: „דאָס איז אים צו ווייניק, ער וויל ווערן אַ באַראָן".

גרייוויטער מאַכט-צו די טיר מיט אַ פאַרצווייפלטן שמייכל

דער יינגער שרייבער

עפענענדיק די טיר פאַרנט לינקס

מר. ווינסאָר און מרס. אָרמע.

זיי קומען אריין, דער יינגער שרייבער ציט זיך צוריק

גרייוויטער

ווי גייט עס אייך, מיס אָרמע? ווי גייט עס אייך, ווינסאָר?

ווינסאָר

טווינסדען איז נאָך נישט צוריקגעקומען, גרייוויטער?

גרייוויטער

נאָך נישט.

ווינסאָר

דע לעווים עדות זענען שוין פאַרהערט געוואָרן. אייער פאַרטיידיקער, סיר פרעדעריק, איז געווען זייער גוט געשטימט. די זאַך נעמט אָן אַ גאַנץ גוטן גאַנג. אָבער ווי איך הער, האָט מען קאַנינדזשן דאָך אַרויסגערופן. ער זאָל מאָרגן עדות זאָגן.

גרייוויטער

אַהאַ!

ווינסאָר

איך האָב עס שוין פריער געזאָגט, אַז דענסי גופא האָט געדאַרפט פאַרלייגן אַרויסצורופן דעמדאָזיקן עדות.

גרייוויטער

מיר האָבן עס אויך גענומען אין באַטראַכט. סיר פרעדעריק האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט אים אין קרייז־פאַרהער מער צונויף קוי־מען.

ווינסאָר

נו, דאָס ווייס איך אָבער נישט. דאַרף איך זיך מיט אים זען פאַר זיין מאָרגנדיקן עדות־זאָגן?

גרייוויטער

כ׳וואָלט צוערשט וועלן הערן, וואָס מר. דזשייקאָב טוויסדען וועט דערצו זאָגן. ער מוז אַ ליאַדע רגע דאָ זיין.

ווינסאָר

מ׳האָט פאַרהערט קענטמאַנען און גולן, דעם אינספעקטאָר, דעם זשאַנדאַרם, מיין דינער, דענסיס באַנקיר און זיין שניידער.

גרייוויטער

האָט עס זיך איינגעגעבן אָפצושוואַכן קענטמאַנס און גולס עדות־זאָגן?

ווינסאָר

נאָר זייער ווייניק. איבעריקנס איז מען דערגאַנגען די נומערן פון די ביידע באַנקנאָטן און ווי איך זע, זענען זיי שוין פאַרעפנט־לעכט אין די אָוונט־בלעטער. מסתמא פאַרלאַנגט דאָס די פּאָליציי. ווייסט איר, גרייוויטער, ווי מיר דאַכט זיך, גלייבן אַלע, אַז הינ־טער דעם אַלעם שטעקט עפּעס, וואָס איז נאָך נישט אויפגעדעקט געוואָרן.

גרייוויטער

דער עולם וויל האָבן דאָס ווייניקע — ער וויל עס תמיד באַ אַזעל־כע געזעלשאַפט־סענסאַציעס: נאָך אַ לאַנגע צייט פריער ברעכט מען זיך שוין דעם קאָפּ וועגן דעם.



ווינסאָר

מען וויל פאַר יעדן פרייז האָבן עפּעס באַזונדערס אינטערעסאַנ־טעס.

מאַרגאַרעט

ווען איך האָב עדות געזאָגט אין געריכט, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מען אינטערעסירט זיך באַזונדערס מיט מיר. (איר פּאַפּיראָסן־עטואי אַרויסנעמענדיק) נישט אמת, רויכערן טאָר מען נישט, מר. גרייוויטער?

גרייוויטער

טוט עס, אדרבא!

מאַרגאַרעט

וועט מר. דזשייקאָב נישט באַקומען קיין אַטאַקע?

גרייוויטער

אַ יאָ, אָבער ערשט נאָכדעם, ווי איר וועט זיין אַוועקגעגאַנגען.

מאַרגאַרעט

נאָר איין ציִ.

זי פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס

ווינסאָר

מיטאַמאָל

די זאַך אַנטוויקלט זיך צו אַ מין דרייפוס־אַפערע — דער עולם האַלט מיט דעם אָדער יענעם צד, נישט רעכענענדיק זיך כּלל מיט די באַווייז־רעזולטאַטן.

מאַרגאַרעט

די צאָל פון די „אויסדערוויילטע״ אין געריכט־זאַל וואַקסט פון טאָג צו טאָג. מר. גרייוויטער, האָט איר באַמערקט די צוויי צווישן די געשוווירענע?

גרייוויטער

מיט אַ שמייכל

ניין; איך קען גראָד נישט זאָגן — —

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

אָ, ס'האָט זיך דאָך אַלעמען געוואָרפֿן אין די אויגן! האָלט איר ניש, אַז מ'האָט זיי געדאַרפֿט אָפּוואַרפֿן?

ג ר י י ו ו י ט ע ר

מיט דעם זעלבן רעכט וואָלט דאָך דע לעווים געקענט די אַנדערע אָפּוואַרפֿן, מיס. אַרמע.

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

אָווא! דאָס איז מיר גאָרנישט איינגעפֿאַלן!

בעת זי רעדט ווערט די טיר פֿאָרנט לינקס אויפֿגעמאַכט און דער אַלטער מר. דזשייקאָב טוויסדען קומט אַרײַן. ער איז שמאָל און נישקשהדיק גרויס, זעכציק און זעכציק יאָר אַלט, גרוי, טראָגט שמאָלע קליינע פּאות, וועלכע קרײַזלען זיך בײַ די שמאָלע אויערן, אַ שמאָלע האַלז־בינדע אַרום זײַן קראַגן, אַ לאַנגן ראָק מיט שמאָלע שויסן, און זײַנע דאַרע פֿיס שטעקן אין הויזן מיט בענדער. נאָז און פּנים זענען שמאָל, קלוג און פֿרײַנטלעך. ער האָט די רבילות צוזאַמענצוקנייטשן זײַנע שאַרף־בליקנדיקע, פֿרײַנטלעכע אויגן זײַן נאָז ציטערס, ווען ער שניפּט

ט וו י ס ד ע ן

אָ! ווי גייט עס אײַך, טשאַרל? און אײַך, ליבע?

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

ליבער מר. דזשייקאָב, איך רויכער גראָד. איז עס נישט געמיין? אָבער אין געריכט־זאַל טאָר מען נישט רויכערן. וואָס פֿאַר אַ שאָד! דער ריכטער האָט געדאַרפֿט אַ וואַסער־ליולקע רויכערן. אַך, וואָלט ער נישט רײַצנדיק אויסגעזען — צום קושן!

ט וו י ס ד ע ן

מיט אַ קליינער, אַלטמאָדישער פֿאַרבייגונג

דאָס רייכערן קליידט נישט יעדן אַזוי גוט, ווי אײַך.

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

מר. דזשייקאָב, ווי אַנטציקנדיק!

זי לעשט אויס דעם פּאַפּיראָס, מאַכנדיק דערבײַ אַ לײַכטע גרימאַסע



ג ר י י ו ו י ט ע ר

אַ מאַן מיטן נאָמען דזשילמאַן וואַרט דאָרט, ער וויל נאָר מיט אײַך רעדן.

ט וו י ס ד ע ן

באַלד. דרייט אויף דאָס ליכט, גרייוויטער!

ג ר י י ו ו י ט ע ר

טוט עס

אַנטשולדיקט.

גייט אָפּ

וו י נ ס אָ ר

הערט, מר. טוויסדען — —

ט וו י ס ד ע ן

זיצט! זיצט, מײַנע ליבע!

ער אַליין זעצט זיך הינטער דעם שרײַב־טיש, בעת דער ייִנגער שרײַבער ברענגט אים אַרײַן אַ טאַץ טיי און צוויי קיכלעך אויף דער אונטער־טאַץ

ט וו י ס ד ע ן

ווילט איר אויך אַ טאַס, מאַרגאַרעט?

מ אַ ר ג אַ ר ע ט

ניין, ליבער מר. דזשייקאָב.

ט וו י ס ד ע ן

טשאַרל?

וו י נ ס אָ ר

ניין, אַ דאַנק!

די טיר ווערט צוגעמאַכט

ט וו י ס ד ע ן

אַ קיכל אין טיי טונקענדיק

אַלזאָ?

ווינסאָר

דער גענעראַל ווייסט עפּעס, וואָס אין פּלוג זעט עס אויס אַ ביסל משונהדיק. היות ער איז אַרויסגערופן געוואָרן, וואָלט נישט כדאי געווען דענסין דערויף אויפמערקזאַם צו מאַכן, כדי ער זאָל האָבן צוגעגרייט זיין דערקלערונג, אויב עס וועט אַרויסקומען?

טווידסען

א ביסל מיי אין אונטער-טאָן אריינגיסנדיק

אַז איך ווייס נישט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, קען איך אייך קיין שום עצה נישט געבן.

ווינסאָר און מארגארעט קוקן זיך אָן. טווידסען כריינקס פון דער אונטער-טאָן

מאַרגאַרעט

זאָגט עס אים, טשאַרל.

ווינסאָר

אין מעלדאָן האָט גערעגנט אין יענעם אָוונט. דער גענעראַל האָט צופעליק אָנגערירט דענסיס אַקסל און ער איז געווען פייכט.

טווידסען שטעלט אַוועק די אונטער-טאָן און די שאָל אויף איר. ביידע קוקן אים פעסט אָן

טווידסען

איך נעם אָן, אַז גענעראַל קענינגדזש וועט גאָרנישט זאָגן אַוועס, וואָס ער איז אַלס עדות נישט מחויב צו זאָגן.

מאַרגאַרעט

אודאי נישט; אָבער, מר. דזשייקאָב, מען קען אים דאָך פרעגן; מען ווייסט, אַז עס האָט גערעגנט. און ער איז אַזאַ פאַנאַטישער אמת-זאָגער!

טווידסען

שפּילנדיק זיך מיט זיינע שילדקרעט-בלעזער

פון אייך ביידן איז קיינער נישט געפרעגט געוואָרן. פונדעסטוועגן קען עס נישט שאַדן, אויב איר וועט דענסין אויפמערקזאַם מאַכן.



ווינסאָר

עס וואָלט מיר ליבער געווען, ווען איר וואָלט עס געטון, מאַרגאַרעט.

מאַרגאַרעט

דאָס גלייב איך אייך.

זי נעמט מעכאַניש ארויס איר פּאַפּיראָסן-עטואי, באַמערקט גראָד ווי טוויסדען ציט אַרויף די אויבן-דעקלעך און לייגט עס צוריק

ווינסאָר

מיר וועלן אַלזאָ גיין צוזאַמען. איך וואָלט נישט וועלן, אַז מרס. דענסי זאָל עס הערן.

מאַרגאַרעט

זאָגט מיר, כ׳בעט אייך, מר. דזשייקאָב, וועט ער דעם פּראָצעס געווינען?

טווידסען

איך גלייב, אַז יאָ, מאַרגאַרעט, איך גלייב, אַז יאָ.

מאַרגאַריט

ס׳וואָלט געווען צו שרעקלעך, ווען נאָך דעם אַלעם וואָלט דער פּסק-דין נישט אויסגעפאַלן לטובת אים. אָבער איך ווייס נישט, וואָס מיר וועלן טון, אַז עס וועט זיין נאָך אַלעמען. איך פאַרפאָלג שוין דעם פּראָצעס די גאַנצע דריי טעג און איך קען זיך גאָר-נישט באַפרייען פון דעם געפיל, אַז עס איז פאַר דעם עולם גאָר-נישט דאָ קיין גרעסערעד תענוג ווי זיך צוצוקוקן, ווי מען שינדט פון אַ לעבעדיקן מענטש די הויט אַראָפּ. זייט מיר געזונט! אויף ווידערזען!

טוויסדען שטייט אויף און גלעט איר די האַנט

ווינסאָר

איין רגע, מאַרגאַרעט. וואַרט צו אויף מיר!

זי שאָקלט מיטן קאָפּ און גייט אַרויס

ווינסאָר

מר. טוויסדען, וואָס איז באמת אייער מיינונג?

טוויסדען

איך בין דענסיס אַדוואָקאַט פונקט אַזוי גוט, ווי אייערער.

ווינסאָר

נו, קען איך זיך זען מיט קעניגדזשן?

טוויסדען

בעסער נישט.

ווינסאָר

אויב מען וועט די זאַך פון אים אַרויסבאַקומען און מיך ווידער רופן, זאָל איך דאַן זאָגן, אַז ער האָט עס מיר שוין דעמאָלט דערציילט?

טוויסדען

איר אַליין האָט דאָך דעם ראָק נישט אָנגערירט? און דענסי איז נישט געווען דערביי? אויב אַזוי געהערט נישט דאָס, וואָס קעניגדזש האָט אייך איבערגעגעבן, צום עדות-זאָגן. מיר וועלן זיך שוין פאַר אַזאַ פראַגע באַוואָרענען.

ווינסאָר

גאָט צו דאַנקען! זייט געזונט!

גייט אָפּ

טוויסדען בלייבט זיצן אומבאַוועגלעך הינטער זיין שרייב-טיש, קלאַפּט זיך מיט די ברילן, וואָס ער האַלט אין זיין שמאָלער, געפּלעטעטער האַנט, אויף די ציין. נאָכדעם ווי ער האָט לאַנג מיטן קאָפּ געשאָקלט און זייַנע בענוב הויכע אַקסלען געצויגן, שניפּט ער, גייט צום פענסטער און מאַכט עס אויף. דאַן גייט ער צו דער טיר אין וואַרט-שטוב הינטן לינקס, מאַכט זי אויף און זאָגט

טוויסדען

מיט וואָס קען איך דינען, מיין הער?



דזשילמאַן קומט אַריין אין ביוראָ, דערביי דריקט ער דעם ציל-נדער צו זיין ברוסט

טוויסדען

זיצט!

ער מאַכט-צו דאָס פענסטער און זעצט זיך

דזשילמאַן

זעצט זיך אין שטול לינקס פון שרייב-טיש

מר. טוויסדען, אויב כ'האָב קיין טעות נישט? מיין נאָמען איז דזשילמאַן, שעף פון דזשילמאַנס געשעפט פון קאָלאָניאַל-סחורות. איר האָט מיין קאַרטע.

טוויסדען

די קאַרטע אָנקוקנדיק

יאָ. מיט וואָס קענען מיר אייך בייהילפיק זיין?

דזשילמאַן

איך קום צו אייך צוליב פליכט-באַוווסטזיין, מר. טוויסדען, און אויך דערפאַר נאָך, ווייל איך בין אין פאַרלעגנהייט. (ער נעמט אַרויס אַן אָוונט-בלאַט פון דער בוזעם-טאַש) וואָרים איר מוזט וויסן, אַז איך פאַרפאָלג מיט אינטערעס דעמדאָזיקן דענסי-פּראָצעס — מען רעדט וועגן אים אַ סך אין מיין פאַרשטאָט, דאָרט אין פּוטנעי — און איך האָב דאָס היינט נאָכמיטאָג האַלב דריי אַ זייגער דאָ געלייענט. כדי גאַנץ פּינקטלעך צו זיין: צוויי אַ זייגער מיט פינף און צוואַנציק מינוט. ער שטעלט זיך אויף, גיט איבער די צייטונג טוויסדענען און חייזט מיט זיין דיקן, באַהאָנטשטן טייט-פינגער אויף דעם בעהעריקן אַרט) ווי איך לייען אַזוי דידאָזיקע נומערן, דערמאָן איך זיך צופעליק, אַז עמעצער האָט בײַ מיר אַ באַנקנאָט פון פופציק פונט אויסגעביטן — דאָס טרעפט בײַ מיר נישט אָפט, מוזט איר וויסן — איך קוק בכן פון ביגיריקייט-וועגן נאָך אין מיין אייזערנער קאַסע, צי געפינט ער זיך נישט אַמאָל בײַ מיר. ריכטיק, איך האָב אים טאַקע און אָט איז ער! (ער נעמט אַרויס פון בוזעם-טאַש אַ באַנקנאָט פון פופציק פונט און לייגט אים אַוועק פאַר טוויסדענען) מיט דריי טעג צוריק האָט

אים איינער פון מיינע קונים געבראַכט צום אויסבייטן און ער האָט פאַר אים באַקומען קליין-געלט. איצט אָבער — קומט אויס, אַז עס האַנדלט זיך גאָר וועגן אַ געגנבעטן באַנקנאָט, און איר וועט וועלן וויסן אַקוראַט, וואָס איך האָב געטון. הערט זיך איין! דעמדאָזיקן קונה מיינעם קען איך שוין אַ קימאַ-לן פון אַכט אָדער ניין יאָר, אַן איטאַליענער איז ער, אַ בכבודער מענטש — האָט אמת אַ פנים פון אַן אויסלענדער, אָבער דאָס איז אַלץ, וואָס מען קען אים פאָרוואַרפן. געווען איז דאָס, הייסט עס, האַלב דריי אַ זייגער, און איך בין געווען אין מיין געשעפט אין פוטנעי, ווו איך וווין אויך. איר מעגט זיך די צייט גוט נעמען אין זין אַריין, כדי איר זאָלט איינזען, אַז איך האָב אַפילו קיין איבעריקע מינוט נישט פאַרלוירן. איך האָב גענומען אַן אויטאָ און בין תיכף געפאָרן צום הויז פון מיין קונה אין פוטנעי, ווו ער וווינט מיט זיין טאָכטער — ריקאַרדאָס הייסט ער, פּאַאָליאָ ריקאַרדאָס. דאָרט זאָגט מען מיר, אַז ער איז אין זיין קראָם אין דער סיטי. פאָר איך, הייסט עס, ווידער אַהין און דאָרט טרעף איך אים טאַקע. נאַ, מר. טוויסדען, איך האָב אים געוויזן דאָס בלאַט און דעם באַנקנאָט. „גיט אַ קוק, האָב איך אים געזאָגט, איר האָט מיר אָט דאָס געבראַכט און איך האָב אייך גוט געלט דערפאַר געגעבן", נאַ, דער מאַן האָט זיך דערשראָקן. איך בין אַ מבין אויף מענטשן, מר. טוויסדען: ער איז געווען דערשראָקן נישט ווי איינער, וואָס האָט אַ שלעכט געוויסן, נאָר ער האָט געהאַט אַ פנים, ווי זאָגט מען עס, ווי אַן אָפּגעצוואָגענע קאַץ. „נו, האָב איך צו אים געזאָגט, פונוואַנען נעמט זיך צו אייך אייגנטלעך דער באַנקנאָט? וועגן דעם האַנדלט עס זיך איצט". ער האָט זיך אַ ביסל מיישב געווען און דאַן האָט ער געזאָגט: „יאָ, מר. דזשילמאַן, האָט ער געזאָגט, איר קענט מיך דאָך. איך בין אַ בכבודער מענטש. איך קען עס אייך אויפן אָרט נישט זאָגן, אָבער מיך קען מען נישט חושד זיין". ער רעדט ווי אַן אויסלענדער, מוזט איר וויסן. „יאָ, האָב איך געזאָגט, דאָס אַלץ איז זייער שיין, האָב איך געזאָגט, אָבער א י ך האָב דאָ אַ געגנבעטן באַנקנאָט, און א י ר האָט דאָס גוטע געלט. און אָט וויל איך אייך זאָגן, האָב איך געזאָגט, וואָס איך וועל איצט טון: איך



פאַר תיכף מיטן דאָזיקן באַנקנאָט צום מר. דזשייקאָב טוויסדען, וועלכער פירט דעמדאָזיקן דענסי-דע לעוויס-פּראָצעס. ער איז אַ באַקאַנטער אַדוואָקאַט פון דער גוטער געזעלשאַפט, האָב איך געזאָגט, און איך וויל זיך מיט אים משאל-עצה זיין". „אָ! האָט ער געזאָגט, דאָס אָט ווילט איר טון?" — ער דריקט זיך אַזוי קאָמיש אויס! אויב אַזוי וועל איך מיט אייך מיטפאָרן!" און איך האָב אים אונטן אין אויטאָ. איך וואָלט אייך וועלן אַלץ זאָגן, איידער ער קומט אַרויף. אויפן וועג האָב איך געפרוווט פון אים עפּעס אַרויסבאַקומען, אָבער ס'איז נישט געגאַנגען — ס'איז פשוט נישט געגאַנגען! „דאָס איז אַ פריקרע זאַך!" האָב איך לסוף געזאָגט. „אַזוי איז עס טאַקע, מר. דזשילמאַן", האָט ער געענטפערט; און ער האָט גענומען רעדן וועגן זיין סיציליאַנישן רויט-וויין — אַן אויסגעצייכנטער וויין, זאָג איך אייך; אָבער בײַ די אומשטענדן איז עס לחלוטין נישט געווען אויפן אָרט. האָב איך מיך גענוג קלאָר אויסגעדרוקט?

ט ו ו י ס ד ע ן

וועלכער האָט מיט דער געשפּאַנטעסטער אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט

פולקאָם קלאָר, מר. דזשילמאַן. איך וועל אים שיקן רופן

ער קלינגט מיט אַ האַנט-גלאָק

דער יינגער שרייבער באַווייזט זיך בײַ דער טיר פאָרנט לינקס

ט ו ו י ס ד ע ן

אַ הער וואַרט אונטן — אין אַ טאַקסאָמעטער. בעט אים, ער זאָל מוחל זיין אַרויפקומען. אַ! — און שיקט דעם מר. גרייוויטער ווידער אַהער.

דער יינגער שרייבער גייט אָפּ

ד ז ש י ל מ אַ ן

ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, מר. טוויסדען, האָב איך פאַרפאָלגט דעמדאָזיקן פאַל. מ'קען אים באַצייכענען פאַר „פּיקאַנט". און עס וועט מיך זייער פרייען, אויב ער וועט זיך ענדיקן לטובת

דעם קאַפּיטאַן דענסי. איך בין אין דעם פּערזענלעך פאַראינטערעסירט, וואָרים דעם אמת געזאָגט, (פאַרטרוילעך) איך קען זיי נישט סובל זיין, דידאָזיקע — פיין זיך אויסגעדריקט — דידאָזיקע העברייער. זיי אַרבעטן פלייסיקער פון אונז, זיי טרינקען נישט, זיי זענען ערלעך; און אומעטום זענען זיי דאָ. איך האָב גאָרנישט קעגן זיי, אָבער אַ פאַקט איז — אומעטום שטופּן זיי זיך אַדורך.

טוויסדען

מיט די א.יגן פינטלענדיק

אַ דאָרן אין אויג, מר. דזשילמאַן.

דזשילמאַן

נו, אוודאי, מיינע לאַנדסלייט זענען מיר ליבער, און דערביי בלייב איך.

בעת ער רעדט קומט גרייוויטער אריין דורך דער טיר פאַרנט לינקס

טוויסדען

ווייז.דיק אויף די צייטונג און דעם באַנקנאָט

מר. דזשילמאַן האָט געבראַכט דעמדאָזיקן באַנקנאָט, וועלכן ער האָט אויסגעביטן. זיין קונה, וועלכער האָט אים מיט דריי טעג צוריק אויסגעביטן, קומט אַרויף.

גרייוויטער

אַהאַ, דער פופציקער! כ׳פאַרשטיי שוין.

זיין פנים ווערט לאַנג און נאַכדענקענדיק

דער יינגער שרייבער

אריינקומענדיק

מר. ריקאַרדאָס.

גייט אָפּ

ריקאַרדאָס איז אַן אָנשטענדיק אויסזעענדיקער מאַן פון איטאַליענישער אויסערלעכקייט, ער טראָגט אַ שלאָס-ראָק, האָט טונקעלע וואָנסעס און טונקעלע, אַ ביסל גרויליכע האָר. ער קוקט שרעקעוודיק אריין און מאַכט אַ פאַרבייגונג



טוויסדען

מר. ריקאַרדאָס? איך הייס דזשייקאָב טוויסדען. (פאָרשטעלנדיק) מיין שותף. (הייבט אויף אַ פינגער, ווען ריקאַרדאָס וויל רעדן) מר. דזשילמאַן האָט אונז דערציילט וועגן דאָזיקן באַנקנאָט. ער זאָגט, אַז איר האָט אים געבראַכט צו אים מיט דריי טעג צוריק, מאָנטיק, הייסט עס, און באַ אים אויסגעביטן.

ריקאַרדאָ

יאָ, אמת!

טוויסדען

איר האָט נישט געוווּסט, אַז עס איז געווען אַ געגנבעטער באַנקנאָט?

ריקאַרדאָס

די האַנט אויף די ברוסט לייגנדיק

חס וחלילה.

טוויסדען

איר האָט אים באַקומען פון — — ?

ריקאַרדאָס

איין מינוט, כ׳בעט אייך! איך וויל גערן דערקלערן — — (ציט אויסדרוקספול מיט די אַקסלען) אונטער פיר אויגן.

טוויסדען

מיטן קאָפּ שאָקלענדיק

מר. דזשילמאַן, איר האָט זייער קאָרעקט געהאַנדלט. איר קענט איצט די זאַך רויק איבערלאָזן אין אונזערע הענט. דערלויבט אונז דעמדאָזיקן באַנקנאָט צוצונעמען; באַם אוועקגיין פרעגט זיך צום קאַסיר און גיט אים דאָס (אַ צעטל שרייבנדיק) איבער. ער וועט אייך דעם סכום אויסצאָלן. מיר וועלן אַלע נויטיקע שריט אַליין מאַכן.

דזשילמאַן

אַ ביסל איבערראַשט, מיט עניוותדיקן שטאָלץ

מר. טוויסדען, מיין גורל ליגט אין אייער האַנט. איך מוז מיך פאַר-

לאָזן אויף אייער טייערע עצה. עס פרייט מיך, וואָס איר האַלט מיין האַנדלונג פאַר ריכטיק.

טווויסדען

פולקאָם ריכטיק, מר. דזשילמאַן — פולקאָם ריכטיק. (אויפשטייענדיק) אַ גוטן טאָג!

דזשילמאַן

אַ גוטן טאָג, מר. טווויסדען! אַ גוטן טאָג, מיינע הערן! (צו טווויסדען) עס טוט מיר אַן אויסערגעוויינלעכע הנאה, וואָס איך האָב זיך מיט אייך באַקענט. טווויסדען, אַ שם־דבר אין שטאָט!

טווויסדען

אַ דאַנק!.

דזשילמאַן מאַכט אַ פּאָר טריט, קוקט שנעל צו ריקאַרדאָסן און דרייט זיך ווידער אום

דזשילמאַן

האָב איך אַ חוץ דעם נאָך עפּעס צו טון אין אינטערעס פון געזעץ? איך בין אַן אָפּגעהיטענער מענטש.

טווויסדען

אויב דאָס וועט נייטיק זיין, מר. דזשילמאַן, וועלן מיר נישט פאַרזוימען אייך מודיע צו זיין. מיר האָבן דאָך אייער אַדרעס. איר קענט גאַנץ רויק זיין; אָבער דערציילט גאָרנישט וועגן דעם, עס קען אַמאָל שטערן דעם גאַנג פון דער גערעכטיקייט.

דזשילמאַן

אָ, דאָס וועט מען בײַ מיר קיינמאָל נישט פועלן. איך האָב נישט קיין חשק צו קומען אין אַ מגע־ומשא מיט דער עפנטלעכקייט. דאָס געהערט דורכויס נישט צו מיינע פּרינציפּן. אַ גוטן טאָג, מיינע הערן!

גייט־אָפּ

טווויסדען

זעצט זיך ווידער

נו, מיין הער, זייט מוחל און זעצט זיך.



ריקאַרדאָס זעצט זיך אָבער נישט; ער בלייבט שטיין און קוקט אומרויִק איבערן טיש צו גרייווי־ס'ן צוהין

טווויסדען

איר קענט רויק רעדן.

ריקאַרדאָס

אַלזאָ, מר. טווויסדען, און איר, מיין הער, דידאָזיקע זאַך זיין זייער ערנסט פאַר מיר און זייער דעליקאַט — מיין ערע שטיין אין קאָן. איך בין אין אַ זייער שווערער לאַגע.

טווויסדען

אין אַ שווערער לאַגע — איז דאָס בעסטע צו זיין פולקאָם אויפריכטיק.

ריקאַרדאָס

עס זיין אַ פאַמיליע־אָנגעלעגנהייט, מיין הער. איך — —

טווויסדען

לאָזט מיך זיין אויפריכטיק מיט אייך. (רעכנט אויס די פאַרשידענע פונקטן אויף די פינגער) איר זענט מודה, אַז איר האָט דעמדאָזיקן באַנקנאָט אויסגעביטן. אויף אונז ליגט איצט דער חוב מודיע צו זיין דער באַנק פון ענגלאַנד, אַז דער באַנקנאָט איז געקומען פון אייך. איר וועט דער באַנק מוזן דערקלערן, פונוואַנען דער באַנקנאָט האָט זיך צו אייך גענומען. איך וויל אייך אויפווייזן, אַז עס וואָלט פאַר אייך אַ סך בעסער געווען צו זאָגן אונז דעם גאַנצן אמת.

ריקאַרדאָ

נעמט אַרויס אַ טאַשן־טיכל און ווישט זיך גאַנץ אָפּ די הענט און דעם שטערן

איך האָב דעמדאָזיקן באַנקנאָט, מיין הער, באַקומען צוזאַמען מיט אַנדערע פון אַ הער, וועלכער האָט דערמיט געסילוקט אַן ערן־חוב, און איך ווייס נישט, פונוואַנען דאָס האָט זיך צו אים גענומען.

ט ו י ס ד ע ן

הם! דאָס איז אָבער גאָרנישט קלאָר. אויב דאָס איז אַלץ, וואָס איר האָט אונז צו זאָגן, מוז איך באַדויערן — —

ר י ק אַ ר ד אָ ס

מיינע הערן, דאָס זיין זייער פריקרע פאַר מיר. עס רירט אָן דעם גוטן נאָמען פון מיין טאָכטער — —

ער ווישט זיך ווידער דעם שטערן

ט ו י ס ד ע ן

האָט גאָרנישט קיין מורא, נאָר אַרויס מיט אָפענע דיבורים!

ר י ק אַ ר ד אָ ס

פאַרצווייפלט

די באַנקנאָטן זענען געווען איר אָפּפּערטיק-געלט פון דאָזיקן הער, מיט וועלכן זי איז געווען זייער ענג באַפריינדעט.

ט ו י ס ד ע ן

פלוצלינג

איך באַדויער זייער, אָבער איר מוזט אונז זאָגן דעם נאָמען פון דאָזיקן הער.

ר י ק אַ ר ד אָ ס

מיין הער, אַז איך וועל אים אויסגעבן און עס וועט אים שאַטן, וואָס וועט מיין טאָכטער זאָגן? דאָס זיין אַ מעשה-רע פאַר מיר, ער האָט זיך צו איר גוט באַנומען, און זי האָט אים נאָך אַלץ ליב; אָפּטמאָל וויינט זי נאָך, ווייל זי האָט אים פאַרלוירן. און איצט פאַרראַטן מיר אים אפשר, ווער ווייסט? דאָס זיין זייער אומאָנגענעם פאַר מיר. (נעמענדיק די צייטונג אין הענט אריין) דאָ זיין דער נומער פאַר אַ צווייטן באַנקנאָט — אַ הונדערט-פונט-באַנקנאָט. דאָס האָב איך אויך.

ער נעמט אַרויס אַ באַנקנאָט פון בוזעם-טאַש

ג ר י י ו ו י ט ע ר

וויפיל האָט ער אייך אַרום און אַרום געגעבן?



ר י ק אַ ר ד אָ ס

טויזנט פונט אָפּפּערטיק-געלט פאַר מיין טאָכטער. מסתמא האָט ער קיין טשעק נישט געוואָלט געבן צוליב זיין ווייב. דערפאַר האָט עס מיך נישט געחידושט, וואָס עס איז געווען אין באַנקנאָטן. איר פאַרשטייט?

—

ט ו י ס ד ע ן

ווען האָט ער אייך דאָס געלט געגעבן?

ר י ק אַ ר ד אָ ס

אינמיטן פון פאַרגאַנגענעם אָקטאָבער.

ט ו י ס ד ע ן

אויפהייבנדיק פלוצלינג די אויגן

מר. ריקאַרדאָס, איז עס געווען קאַפּיטאַן דענסי?

ר י ק אַ ר ד אָ ס

ווישט זיך ווידער דעם שטערן

מיינע הערן, איך האָב מיין טאָכטער אַזוי ליב! איך האָב נאָר זי אַליין, וואָרים איך בין אַן אַלמן.

ט ו י ס ד ע ן

מיט אָנשטרענגונג

אוודאי, אוודאי; אָבער איך מוז עס וויסן.

ר י ק אַ ר ד אָ ס

אַז איך וועל אייך זאָגן, מיין הער, וועט איר מיר געבן אייער ערן-וואָרט, אַז עס וועט צו מיין טאָכטער נישט אָנקומען?

ט ו י ס ד ע ן

אויף וויפיל דאָס וועט זיין פון אונז אָנבאַלאַנגט — זיכער!

ר י ק אַ ר ד אָ ס

מיין הער, איך גלייב אייך. — ס'איז געווען קאַפּיטאַן דענסי.

אַ לאַנג שטילשווייגן

ג ר י י ו ו י ט ע ר

מיטאמאל

האָט איר פון אים דאָס אויסגעפרעסט ?

ט ו ו י ס ד ע ן

די האנט אויפהייבנדיק

מיין שותף איז אויסן צו זאָגן : האָט איר אים געצוווּנגען צו געבן אייך דאָסדאָזיקע אָפּפּערטיק־געלט ?

ר י ק אַ ר ד אָ ס

איך האָב עס געהאַלטן פאַר מיין חוב לגבי מיין טאָכטער צו פאַרלאַנגען פון אים, אַז ער זאָל זי באַפרידיקן.

ט ו ו י ס ד ע ן

מיט דראָונגען, אַז אויב נישט, וועט איר עס זיין פרוי אויסזאָגן ?

ר י ק אַ ר ד אָ ס

ציטערט מיט די אַקסלען

קאַפּיטאַן דענסי איז געווען אַן ערן־מאַן. ער האָט געזאָגט : „אוודאי וועל איך דאָס טון“. איך האָב אים געגלייבט. און מיט אַ חודש שפּעטער האָב איך אים דערמאַנט און דאָ האָט ער מיר געגעבן פאַר איר דאָסדאָזיקע געלט. איך ווייס נישט, פונוואַנען ער האָט עס גענומען — איך ווייס נישט. מיינע הערן, איך האָב אַלץ פאַר איר אויסגעגעבן — יעדן פעני — אַ חוץ דעמדאָזיקן באַנקנאָט, פאַר וועלכן כ׳האָב איר אַ האַלז־באַנד געוואָלט קויפן. דאָס זיין דער ריינער אמת.

ט ו ו י ס ד ע ן

באַריר נדיק דעם הונדערט־פונט־באַנקנאָט

איך מוז דעמדאָזיקן באַנקנאָט צונעמען. איר וועט מיט קיינעם וועגן דעם נישט רעדן. איך פאַר מיין פערזאָן קען גלייבן, אַז איר האָט דאָס באַקומען אַלס — באַלוינונג, אָבער מען קען אייך האָבן אַן אַנדערע מיינונג. אַ גוטן טאָג, מיין הער! גרייוויטער, באַגלייט מר. ריקאַרדאָס און פאַרצייכנט זיין אַדרעס.



ר י ק אַ ר ד אָ ס

די האנט צו דער ברוסט דריקנדיק מיט אַ זיפץ

מיינע הערן, איך בעט אייך — געדענקט וועגן דעם, וואָס איך האָב געזאָגט. ( דרייענדיק מיט די אויגן) מיין טאָכטער — איך בין אומגליקלעך. אַ גוטן טאָג!

ער דרייט זיך אום און גייט לאַנגזאַם ארויס לינקס פאַרנט, באַגלייט פון גרייוויטערן

ט ו ו י ס ד ע ן

צו זיך אליין

דענסי! דענסי!

ער טשעפּעט צונויף ביידע באַנקנאָטן, לייגט זיי אריין אין אַ קאָנווערט און בלייבט דאַן רויק שטיין, באַוועגנדיק אומרויק נאָר מיט די הענט און מיט די אויגן, וואָס ברענגט צום אויסדרוק זיין אינערלעכע איבערעגונג

גרייוויטער קומט צוריק, פאַרמאַכט פאַרזיכטיק די טיר און גיט טווויסדענען איבער ריקאַרדאָס וויזיט־קאַרטע

ט ו ו י ס ד ע ן

די קאַרטע אַנקוקנדיק

ווילאַ בענוועגוטאַ. מען מוז דאָס צוערשט קאָנטראָלירן, אָבער איך האָב מורא, אַז עס איז אמת. דערדאָזיקער מענטש האָט נישט געשפּילט קיין קאָמעדיע.

ג ר י י ו ו י ט ע ר

וואָס מאַכט מען איצט מיט דענסין ?

ט ו ו י ס ד ע ן

קאָנט איר משיג זיין, אַז אַ דזשענטלמען — — ?

ג ר י י ו ו י ט ע ר

איך ווייס נישט, מר. טווויסדען. די מלחמה האָט די באַגריפן וועגן ערע אומעטום דערשיטערט. איך האָב זיך שוין אין דעם אַ סך מאָל איבערצייגט. און עס זענען פאַרהאַן מענער אָן אחריות־געפיל. פון דער ערשטער רגע אָן האָב איך געהאַט אַ חשד.

ט ו ו י ס ד ע ן

מיר קענען דעם פּראָצעס נישט פירן ווייטער.

ג ר י י ו ו י ט ע ר

פוי!... (אַ ווײַלע שטילשווייגן) גאָט מיינער! ס'איז אַ שרעקלעכע זאַך פאַר זיין פרוי.

ט ו ו י ס ד ע ן

יאָ.

ג ר י י ו ו י ט ע ר

דעם קאָנווערט באַרירנדיק

דער צופאַל האָט דאָס אַהערגעבראַכט. דער מאַן וועט נישט רעדן — ער איז צופיל אָנגעשראָקן.

ט ו ו י ס ד ע ן

דזשילמאַן? —

ג ר י י ו ו י ט ע ר

צו בכבודיק. אפשר דאַרף לעווּיסן אַנאָנים צושיקן דידאָזיקע ביידע באַנקנאָטן און די רעשט פון געלט?

ט ו ו י ס ד ע ן

אָבער דער פּראָצעס, גרייוויטער, דער פּראָצעס!

ג ר י י ו ו י ט ע ר

וואָס האָט זיך דען דאָ געענדערט? איך האָב דאָס אַלץ זיך שוין פריער משער געווען.

ט ו ו י ס ד ע ן

משער-זיין-זיך און וויסן — איז אַ גרויסע נפקא-מינה. מיר האָבן צו דערפילן אונזער חוב לגבי אונזער באַרוף, און מיר האָבן אַ הויכן באַרוף. פון דער אָנשטענדיקייט פון אַדוואָקאַט הענגט זייער אַ סך אָפּ.

ער גייט צו צום קאַמין, גלייך ווי די וואַרעמקייט וואָלט אים געקענט העלפן



ג ר י י ו ו י ט ע ר

איצט וועט ע ר אָנגעקלאָגט ווערן. ער האָט אונדז זיין זאַך אַני-פאַרטרויט!

ט ו ו י ס ד ע ן

יאָ, אָבער קעגן דעם געזעץ — —

ג ר י י ו ו י ט ע ר

ניין, דאָס וועט נישט גיין. (אַ שטילשווייגן) באַ גאָט, איך האָב נישט קיין חשק צו פאַרשפּילן דעמדאָזיקן פּראָצעס און אויך נישט זיך מודה צו זיין, אַז מיר האָבן איבערגענומען אַ לכתחילה פאַר-שפּילטע זאַך.

ט ו ו י ס ד ע ן

ס'איז אוממעגלעך די זאַך צו פירן ווייטער. אָפּגעזען פון אונדז, איז דאָך סיר פרעדעריק נאָך דאָ. מיר מוזן דאָס אים אָפּן זאָגן — מיר קענען עס פאַר אים נישט האַלטן בסוד. דאָס פולסטע פאַר-טרויען צווישן צוגרייטנדיקן אַדוואָקאַט און דעם געריכט-באַפול-מעכטיקטן איז דער עיקר-העיקרים פון אונזער באַרוף-ערע.

ג ר י י ו ו י ט ע ר

וואָס האָט איר אַלזאָ בדעה צו טון, מר. טוויסדען?

ט ו ו י ס ד ע ן

מיט דענסין תיכּף רעדן. קלינגט צו אים אָן!

ג ר י י ו ו י ט ע ר

דאָס הער-רערל אין די האַנט נעמענדיק

פאַרבינדט מיך מיט קאַפּיטאַן דענסיס וווינונג... וואָס?... (צו טוויסדען) מרס. דענסי איז דאָ... אויף מיין וואָרט, ווי גערופן! ווילט איר זי אויפנעמען, מר. טוויסדען?

ט ו ו י ס ד ע ן

נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַ פּײַנלעכע ווײַלע לאַנג מיישב געווען

איך מוז דאָך.

### ג ר י י װ י ט ע ר

*טעלעפאָנירנדיק*

פירט מרס. דענסי אַרויף.

*ער דרייט זיך אויס צום פענסטער*

*פאַר מייבל דענסי חערט די טיר אויפגעמאַכט; זי איז זייער בלאַס. טװיסדען גייט איר אַקעגן פון קאַמין און נעמט אָן איר האַנט*

### מ י י ב ל

מאַיאָר קאָלפאָרד האָט ראָנין אין זיין אויטאָ מיטגענומען, און זיי וועלן איבער נאַכט נישט דאָ זיין. ס'וועט אפשר פאַר אים זיין צום גוטן. איך האָב אים צוגעזאָגט צו קומען אַהער געוויר ווערן, צי איר האָט מיר נישט נאָך עפּעס צו זאָגן פאַר דער מאָרגנדיקער פאַרהאַנדלונג.

### ט װ י ס ד ע ן

*צעטומלט*

וווהין זענען זיי געפאָרן?

### מ י י ב ל

כ'ווייס נישט, אָבער ער וועט מאָרגן פאַרמיטאָג פאַר צען אַ זייגער צוריק זיין. איז פאַרהאַן עפּעס נייעס?

### ט װ י ס ד ע ן

יאָ, איך וואָלט גערן געוואָלט מיט אים רעדן, איידער ער גייט אין געריכט. שיקט אים תיכף נאָך זיין צוריקקומען אַהער.

### מ י י ב ל

*זיך באַם קאַפּ אָנכאַפּנדיק*

אָך, מר. טוויסדען, ווען וועט עס שוין אַ סוף נעמען? איך האָב שרעקלעך קאָפּ-ווייטיק פון דעמדאָזיקן פּראָצעס.

### ט װ י ס ד ע ן

מיין ליבע מרס. דענסי, רוט זיך אויס און שוינט אייערע נערוון; איר דאַרפט מאָרגן גאָרנישט דערבײ-זיין.



### מ י י ב ל

טאַקע באמת?

### ט װ י ס ד ע ן

יאָ, עס וועט זיין דאָס בעסטע, וואָס איר קענט טון.

*גרײוויטער דרייט אויס דעם קאָפּ און באַטראַכט זיי ביידע, נישט הערנדיק אַליין בעזען*

### מ י י ב ל

זאָגט מיר, גייט די זאַך גוט?

### ט װ י ס ד ע ן

זי איז היינט זייער גוט געשטאַנען, באמת זייער גוט.

### מ י י ב ל

מיר זענען אָבער אייך שוין אוודאי גוט נמאס געוואָרן.

### ט װ י ס ד ע ן

מיין ליבע, ס'איז דאָך אונזער געשעפט.

*ער נעמט אָן איר האַנט*

*מייבלס פנים הייבט מיטאַמאָל אָן צו צוקן. זי ציט אַוועק די האַנט און לייגט זי אויפן מויל*

### ט װ י ס ד ע ן

נאָ, נאָ! אַ רו-טאָג וואָלט אייך זייער שטאַרק צונוץ געקומען.

### מ י י ב ל

איך בין אַזוי מיד פון דידאָזיקע — —! איך דאַנק אייך הערצלעך פאַר אַלע אייערע באַמיונגען. אַ גוטן אָוונט! אַ גוטן אָוונט, מר. גרײוויטער!

### ג ר י י װ י ט ע ר

גוטן אָוונט, מרס. דענסי!

*מייבל גייט-אָפּ*

### ג ר י י װ י ט ע ר

איר ווייסט, איך גלייב, אַז זי ווייסט עס.

ט ו י ס ד ע ן

ניין, ניין! זי האָט אין אים אַן אומבאַגרענעצטן פּאַרטרויען. אַ מוטיק ווייבל. אָרעם קינד!

ג ר י י ו ו י ט ע ר

האָט אויף איר דאָס נישט געווירקט, מר. טווּיסדען? אויף מיר יאָ.

ט ו י ס ד ע ן

ניין, ניין! איך — איך קען דעם פּראָצעס נישט פירן ווייטער. ס'וואָלט געהייסן ברעכן דאָס פאַרטרויען. קלינגט אָן אין סיר פּרע־דעריקס קאַנצעלאַריע!

ג ר י י ו ו י ט ע ר

טעלעפאָנירט און באַקומט אַ תשובה און דרייט זיך אום צו טווּיסדענען

נו?

ט ו י ס ד ע ן

פרעגט, צי איך קען מיט אים רעדן.

ג ר י י ו ו י ט ע ר

טעלעפאָנירנדיק

מר. טווּיסדען וואָלט וועלן זיך זען מיט סיר פרעדעריקן; האָט ער אַ פּאָר מינוטן צייט? (נאָכן דערהאַלטן די תשובה) ער איז געפאָרן קיין בריטאָן, ווו ער וועט איבערנעכטיקן.

ט ו י ס ד ע ן

הם! וואָס פאַר אַ האָטעל?

ג ר י י ו ו י ט ע ר

טעלעפאָנירנדיק

ווו וווינט ער דאָרט? ווו? — (צו טווּיסדענען) אין בעטפאָרד.

ט ו י ס ד ע ן

איך פאָר אַהין.



ג ר י י ו ו י ט ע ר

טעלעפאָנירנדיק

אַ דאַנק!

ט ו י ס ד ע ן

זעט־נאָך, ווען עס גייען אָפּ צוגן און ווען זיי קומען צוריק מאָרגן באַגינען.

גרייוויטער נעמט אַ פאָר־פּלאַן אין האַנט און טווּיסדען — ריקאַרדאָס קאַרטע

ט ו י ס ד ע ן

שיקט עמעצן אַהין אין יענעם הויז אין פּוטנעי פעסטשטעלן, צי ריקאַרדאָס האָט אַ טאָכטער און טעלעפאָנירט מיר קיין בריטאָן. פאָרט בעסער אַליין קיין פּוטנעי. אויב איר וועט זיי טרעפן, זאָגט זיי נאַטירלעך גאָרנישט — באַנוצט עפּעס אַ תירוץ. (גרייוויטער שאָקלט מיטן קאָפּ) איך וועל צוריק זיין צו דער רעכטער צייט, כדי דענסין אויפצונעמען.

ג ר י י ו ו י ט ע ר

אויף מיין וואָרט, כ'האָב פון דער זאַך גרויס עגמת־נפש.

ט ו י ס ד ע ן

אוודאי. אָבער די באַרוף־ערע שטייט העכער פון אַלץ. ווען גייט אָפּ דער צוג?

ער בייגט זיך איבער דעם פאָר־פּלאַן

פּ אָ ר ה א נ ג.

## צווייטע סצענע.

דאָס זעלבע ביורא צומאָרגנס אינדערפֿרי. דער שטיי־זייגער ווייזט צען אַ זייגער מיט פֿינף און צוואַנציק.

דער יינגער שרייבער פֿירט אַריין דענסין, וואָס זיינע שטריכן זענען קענטיק האַרטער, ווי זיי זענען געווען מיט דריי חדשים צוריק און זיי זעען־אויס ווי פֿון אַ מענטש, וואָס האָט געלעבט אונטער אַ שטאַרקן צוואַנג.

### דענסי

ער האָט געוואָלט מיט מיר רעדן, איידער די פֿאַרהאַנדלונג הייבט זיך אָן.

### דער יינגער שרייבער

יאָ. מר. טוויסדען וועט אייך אין אַ מינוט אַרום אויפֿנעמען. ער האָט נעכטן געמוזט אָפּפֿאָרן.

ער גרייט זיך צו עפֿענען די טיר אין וואַרט־שטוב

### דענסי

זענט איר אויך געווען אין דער מלחמה?

### דער יינגער שרייבער

יאָ.

### דענסי

אָבער דאָס איז דאָך דאָ אַ לעבן אָן יעדער אויפֿרעגונג, יאָר־איין, יאָר־אויס. מיך וואָלט דאָס משוגע געמאַכט.

### דער יינגער שרייבער

אומדרייסט

אַ פֿאַל, ווי דער, קען נישקשהדיק אויפֿרעגן. איך וואָלט אַ סך געגעבן, אַז מיר זאָלן אים געווינען.



### דענסי

אויסגלאָצנדיק אויף אים די אויגן

פֿאַרוואָס? וואָס גייט דאָס אייך אָן?

### דער יינגער שרייבער

איך ווייס אַליין נישט. עס איז — עס איז פּונקט ווי פֿוסבאָל — מען וויל נאַטירלעך, אַז די אייגענע מאַנשאַפֿט זאָל מנצח זיין. (ער מאַכט אויף די טיר אין די וואַרט־שטוב פֿאַרטראַכטערהייט) בײַ אַן אַדוואָקאַט קען מען אויסטערליש אויפֿרעגנדיקע פּראָצעסן דערלעבן, אַפֿילו אין דער רויקסטער קאַנצעלאַריע.

דענסי גייט אַריין אין די וואַרט־שטוב און דער יינגער שרייבער, וועלכער פֿאַרמאַכט די טיר, טרעפֿט טוויסדענען, ווי ער קומט אַריין פֿאַרנט לינקס, און ער נעמט בײַ אים צו דעם פּאַלטאָ, צילינדער און אַ קליינעם פּאָרטפֿעל

### דער יינגער שרייבער

קאַפּיטאַן דענסי איז דאָ.

ער ווייזט אויף די וואַרט־שטוב

### טוויסדען

די ליפּן צונויפֿפּרעסנדיק

גוט. מר. גרייוויטער איז געגאַנגען אין געריכט?

### דער יינגער שרייבער

יאָ, מר. טוויסדען.

### טוויסדען

האָט ער עפּעס פֿאַר מיר איבערגעלאָזט?

### דער יינגער שרייבער

אויפֿן טיש.

### טוויסדען

אַ קאָנווערט אין די האַנט נעמענדיק

אַדאַנק!

דער יינגער שרייבער גייט אַ

טוויסדען

מאכט־אויף דעם קאָנווערט און לייענט

„אַלץ ריכטיק!" הם! (ער לייגט אריין דאָס צעטעלע און דעם קאָנווערט אין די טאַש און נעמט ארויס פון אן אנדערן קאָנווערט די ביידע באַנקנאָטן, לייגט זיי אויפן שרייב־טיש און אַ לעש־בלאַט אויף זיי; בלייבט שטיין אַ ווײַלע גלייך ווי ער וואָלט זיך צוגעגרייט, גייט דאַן צו צו דער טיר פון דער וואַרט־שטוב עפנט זי און זאָגט) זייט מוחל, קאַפּיטאַן דענסי! כ'באַדויער, וואָס כ'האָב אייך געלאָזט וואַרטן

דענסי

אַרײַנקומענדיק

מינסאָר האָט מיך נעכטן באַזוכט, כדי צו רעדן מיט מיר וועגן עדות־זאָגן פון גענעראַל קעבינדזש. ווילט איר וועגן דעם מיט מיר רעדן?

טוויסדען

ניין, נישט וועגן דעם האַנדלט עס זיך.

דענסי

קוקנדיק אויף זיין האַנט־זייגער

אויף מיין זייגער איז באַלד האַלב עלף.

טוויסדען

יאָ. איך וויל נישט, אַז איר זאָלט היינט גיין אין געריכט.

דענסי

ניין?

טוויסדען

איך האָב אַ זייער ערנסטע ידיעה פאַר אייך.

דענסי

ציטערט־אויף, באַהערשט זיך אָבער גיך

אַזוי!

טוויסדען

אָט די צוויי באַנקנאָטן דאָ. (ער דעקט זיי אויף) נאָך דער נעכטיקער



זיצונג פון געריכט איז צו אונז געקומען אַ מאַן מיטן נאָמען ריקאַרדאָס. (אַ שטילשווייגן) איז נויטיק נאָך עפּעס צוצוגעבן?

דענסי

נישט גערירט

ניין. וואָס ווייס איצט געשען?

טוויסדען

אונזער חוב איז געווען קלאָר; מיר האָבן די זאַך נישט געקענט פירן ווייטער. איך האָב סיר פרעדעריקן אָנגעפרעגט. ער פילט — ער פילט, אַז ער מוז לייגן דעם מאַנדאַט, און ער וועט דאָס גלייך אין אָנהייב פון דער פאַרהאַנדלונג דערקלערן. איצט וואָלט איך וועלן מיט אייך רעדן וועגן דעם, וואָס איר זאָלט טון.

דענסי

דאָס איז זייער שיין פון אייך, ווען מען נעמט אין אַכט די אומשטענדן.

טוויסדען

איך רעד מיר נישט איין, אַז איך פאַרשטיי די זאַך, דאָך שטעל איך מיר פאָר, אַז איר האָט אין אַ נישט איבערגעלייגטן מאָמענט געוואָלט באַווייזן אַ גבורה; אפשר האָט איר געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָס געלט געהערט על־פי־דין פונקט אַזוי גוט אייך, ווי דעם לעווייסן, ווייל איר האָט דאָך אים דאָס פערד געהאַט געשענקט — (מאַכט אַ צייכן מיט דער האַנט צו דענסין, וועלכער וויל גראַד רעדן) — כדי צו סילוקן אַן ערן־חוב דעראָזיקער — דאַמע און, אָן שום ספק, כדי צו פאַרהיטן דערפאַר, אַז אייער פרוי זאָל עס געוווירן פון דאָזיקן ריקאַרדאָס. איז עס נישט אַזוי?

דענסי

יאָ, אַזוי איז עס.

טוויסדען

ס'איז געווען אַ משוגעת פון אייער זייט, קאַפּיטאַן דענסי, פּשוט אַ משוגעת! — אָבער די פראַגע איז איצט — ווי איר זאָלט זיך באַ־

נעמען צו אייער פרוי. זי האָט דאָך, נישט די מינדעסטע אַנונג, גלייב איך.

ד ע נ ס י

*מיט אַ ציקנדיק פּנים*

ניין.

ט ו ו י ס ד ע ן

עס לאָזט זיך גאָרנישט זאָגן, צו וואָס דידאָזיקע קאַטאַסטראָפע וועט נאָך פירן. די פּאָליציי האָט די גנבה אין דער האַנט. ס'איז מעגלעך, אַז זי וועט אַרויסלאָזן אַן אַרעסט־באַפעל. מען וואָלט דאָס געלט געקענט צוריקצאָלן און די הוצאות דעקן — דאָס וואָלט זיך שוין ווי־עס־איז געלאָזט איינאָרדנען. אָבער אַמאָל קען עס שוין זיין צו שפּעט. יעדנפאַלס אָבער פרעגט זיך, צו וואָס איר זאָלט נאָך לענגער בלייבן אין ענגלאַנד. איר קענט אייער כבוד מער נישט ראַטעווען — ער איז פאַרלוירן. איר קענט דעם נשמה־פרידן פון אייער פרוי מער נישט ראַטעווען. אויב זי וועט צו אייך צושטיין — גלייבט איר, אַז זי וועט צו אייך צושטיין?

ד ע נ ס י

ניין, אויב זי איז קלוג.

ט ו ו י ס ד ע ן

פאָרט בעסער אָפּ. אין מאַראָקאָ איז גראָד מלחמה.

ד ע נ ס י

*מיט אַ ביטערן שמייכל*

דאָס העלדישע מאַראָקאָ!

ט ו ו י ס ד ע ן

ווילט איר תיכף פאָרן און מיר איבערלאָזן מודיע צו זיין אייער פרוי?

ד ע נ ס י

איך ווייס נאָך נישט.



ט ו ו י ס ד ע ן

איך מוזט זיך גיך דעצידירן, כדי איר זאָלט נאָך באַווייזן צו דעררייכן די צוג־פאַרבינדונג מיט דער שיף. נישט איינער האָט שוין באַוויזן אזא חרפה צו פאַרווישן. איר זענט אַ טיכטיקער זעלנער.

ד ע נ ס י

פאַרהאַן נאָך אַנדערע וועגן.

ט ו ו י ס ד ע ן

פאָרט דירעקט פון דאָ אויס. איר האָט דאָך אַ פּאַס? קיין פראַנקרייך דאַרפט איר קיין וויזע נישט, און עס וועט זיך אייך איינגעבן פון דאָרט לייכט זיך אַריבערצוקריגן. האָט איר געלט באַ זיך? *(דענסי שאָקלט מיטן קאָפּ)* מיר וועלן טון אַלץ, וואָס עס לאָזט זיך, כדי די פאַרפאָלגונג צוריקצוהאַלטן אָדער דאָך צו פאַרשלעפּן.

ד ע נ ס י

ס'איז זייער שיין פון אייך. *(מיט אָנשטרענגונג)* אָבער איך מוז וועגן מיין פרוי טראַכטן. לאָזט מיך אַ פּאָר מינוטן זיך מיישב זיין.

ט ו ו י ס ד ע ן

אוודאי, אוודאי! גייט דאָרט אַריין און לייגט זיך איבער.

*ער גייט צו צו דער טיר רעכטס און מאַכט זי אויף. דענסי גייט פאַר אים פאַרביי צו דער טיר אַרויס. טווויסדען קלינגט און בלייבט שטיין וואַרטנדיק*

ד ע ר י י נ ג ע ר ש ר י י ב ע ר

*אַריינקומענדיק*

ביטע, מר. טוויסדען?

ט ו ו י ס ד ע ן

לאָזט רופן אַ טאַקסאָמעטער!

ד ע ר י י נ ג ע ר ש ר י י ב ע ר

*וועלכער קוקט דערשראָקן אַריין*

יאָ. מר. גריייוויטער איז אין דער קאַנצעלאַריע, מיט גענעראַל קאַנינגדזשן. האָט איר צייט?

טוויסדען

יאָ.

דער יינגער שרייבער גייט ארויס און כמעט באַלד דערנאָך קומען אריין גרייוויטער און קעניגדוש

טוויסדען

גוט מאָרגן, גענעראַל! (צו גרייוויטערן) נו?

גרייוויטער

סיר פרעדעריק האָט זיך תיכּף אויפגעשטעלט און דערקלערט, אַז נאָכדעם, ווי עס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די נומערן פון די באַנקנאָטן איז צו אים דערגאַנגען אַ ידיעה, וועלכע צווינגט אים זיך אָפּצוזאָגן פון דער פאַרטיידיקונג. פאַרשטייט זיך, אַ גרויסע סענסאַציע. איך האָב די זאַך איבּערגעגעבן בראָמלען. דער פּסק-דין וועט אויספאַלן לטובת דעם אָנגעקלאָגטן דע לעוויס און דער אָנקלאָגער וועט פאַרמשפּט ווערן צו באַצאָלן די פּראָצעס-קאָסטן. האָט איר עס דענסין געזאָגט?

טוויסדען

יאָ. ער איז דאָרט און איז זיך מיישב, וואָס ער זאָל טון.

קעניגדוש

ערנסט און מ'ט צער

דאָס איז אַ מעשה-נורא, טוויסדען. איך האָב די גאַנצע צייט זיך דערפאַר געשראָקן. אַ זעלגער! און אַזאַ העלדישער יינג! נישט אַנדערש, נאָר עס איז אין אים אַריין אַ דיבוק!

טוויסדען

עס האָט גאָר קיין גרענעצן נישט דעם מענטשנס נאַטור, גענע-ראַל.

גרייוויטער

מ'געפינט יעדן טאָג אין די צייטונגען נאָך מער אויסטערלישע זאַכן.

קעניגדוש

דאָס אָרעמע ווייבל! איך האָב אייך איבערצוגעבן אַ ידיעה פון



חינסאָרן, גענעראַל. אויבּ איר וועט זיך בייטיקן גיך אין געלט, כּדי דענסין פון אַ פאַרפאָלגונג צו פאַרהיטן, ווענדט זיך צו אים. קען איך מיט וואָס עס איז בּייהילפיק זיין?

טוויסדען

איך האָב אים געגעבן אַן עצה צו פאָרן תיכּף קיין מאַראָקאָ.

קעניגדוש

כ'ווייס באמת נישט, צי מ'דאַרף אים נישט אין אַ משוגעים-הויז אָפּשיקן. עס קען פשוט אַנדערש נישט זיין, נאָר אַז ער גייט פון צייט צו צייט פון זינען אַראָפּ. דערדאָזיקער שפרונג — אַ ריין משוגעת! שוין דערפאַר אַליין וואָלט דער פּסק-דין געדאַרפט אויס-פאַלן לטובת אים. — איר האָט געדאַרפט זען דידאָזיקע באַלקאָנען. איך האָב זיי מיר אָנגעקוקט, ווען איך בין דעם פאַרגאַנגענעם זונטיק דאָרט געווען. אַ קאַרק-בּרעכערישע קונץ, טוויסדען! זעלטן איינער וואָלט זיך דאָס אונטערגענומען, אין אַ טונקעלער נאַכט — — ער האָט זיין לעבן צוויי מאָל איינגעשטעלט. דאָס איז אַ גערילבע-נער בּחור — דער יינגער דע לעוויס — ער האָט דענסין טיף מיט זיין בּליק דורכגעדרונגען.

דער יינגער שרייבער קומט אריין

דער יינגער שרייבער

דער טאַקסאָמעטער איז צוגעפאָרן, מר. טוויסדען. ווילט איר מאַיאָר קאָלפאָרד און מיס אָרמע אויפנעמען?

טוויסדען

גרייוויטער! — — ניין! פירט זיי אַריין!

דער יינגער שרייבער גייט-אַפּ

קעניגדוש

קאָלפאָרד איז זיך שטאַרק מצער.

מאַרגאַרעט אָרמע און קאָלפאָרד קומען אַריין

קאָלפאָרד

צו טוויסדענען צוגייענדיק

דאָ מוז זיין אַ טעות פאָרגעקומען, מר. טוויסדען.

**טוויסדען**

שט! דענסי איז דאָרט. ער האָט זיך מודה געווען.

*זיי רעדן באַלד שטילער*

**קאָלפּאָרד**

וואָס? (געריזרט) ווען עס וואָלט מיין אייגענער בּרודער געווען, וואָלט עס מיך מער נישט געקענט אָנגיין. אָבער — צום טייוול! מיט וועלכן רעכט האָט סיר פרעדעריק זיך אָפּגעזאָגט פון דער פאַר-טיידיקונג? און דערצו נאָך אים פריער קיין וואָרט נישט געזאָגט? איך בין היינט אינדערפרי צוריקגעקומען מיט דענסין אין דער שטאָט אַריין, און ער האָט דערפון גאָרנישט געוווסט.

**טוויסדען**

דאָס האָט זיך ליידער נישט געלאָזט פאַרמיידן.

**קאָלפּאָרד**

שולדיק אָדער אומשולדיק, איר האָט אים נישט געדאַרפט פאַר-לאָזן — דאָס איז נישט לאָיאַל, מר. טוויסדען.

**טוויסדען**

איר מוזט מיר שוין דערלויבן אַליין צו פּסקענען, וואָס מיין חוב איז געווען צו טון אין אַזאַ שווערן פאַל.

**קאָלפּאָרד**

איך האָב געמיינט, אַז מען קען זיך אויף זיין אַדוואָקאַט פאַר-לאָזן.

**קעניגדזש**

קאָלפּאָרד, איר האָט נישט קיין שום השגה וועגן באַרוף-ערע.

**קאָלפּאָרד**

ניין, גאָט צו דאַנקען!

**טוויסדען**

ווען איר וועט געהערן צו אייער שטאַנד אַזוי לאַנג, ווי איך צו מיינעם, מאַיאָר קאָלפּאָרד, דאַן וועט איר פאַרשטיין, אַז די פליכט לגבי אייער שטאַנד איז אַ סך וויכטיקער ווי די פליכט לגבי דעם פריינד אָדער דעם קליענט.



**קאָלפּאָרד**

אָבער איך דין דעם לאַנד.

**טוויסדען**

און איך דין דעם געזעץ, מיין הער.

**קעניגדזש**

גרייוויטער, גיט מיר אַ בלאַט פּאַפּיר. איך וויל שרייבן אַ בריוו פאַר אים.

**מאַרגאַרעט**

*צו טוויסדענען צוגייענדיק*

ליבער מר. דזשייקאָב — באַצאָלט דע לעווּיסן. פאַרזעצט ווידער מיינע פּערל; נאָר לאָזט ראָנין נישט — —

**טוויסדען**

מיט געלט קאָן מען דאָ גאָרנישט העלפן, מאַרגאַרעט.

**מאַרגאַרעט**

ס'איז שרעקלעך!

**קאָלפּאָרד**

איך מוז אים די האַנט דריקן.

*ער גייט אין די זייט פון דער וואַרט-ש-וב*

**טוויסדען**

שטייט. מיר ווילן, אַז ער זאָל תיכף אָפּפאָרן קיין מאַראָקאָ. רעגט אים נישט נאָך מער אויף. (צו קאָלפּאָרן און מאַרגאַרעטן) עס וואָלט בעסער געווען, אַז איר זאָלט דאָ לענגער נישט בלייבן. מאַרגאַרעט, אפשר וואָלט איר אַ ביסל שפּעטער צו מרס. דענסי אַריינגע-גאַנגען — —

**קאָלפּאָרד**

די אָרעמע קליינע מייבל דענסי! דאָס איז דאָך דאָס גיהנום פאַר איר!

*זיי האָבן נישט באַמערקט, ווי דענסי האָט די טיר געעפנט*

יאָ.

דענסי

זיי דרייען זיך אַלע אום פאַרבליפט און איבעראַשט

קאַלפאַרד

מיט אַ צוקנדיקער באַוועגונג

דענסי

אַזוי איז עס, קאַלפאַרד. (קוקט זיי איינעם נאָכן אַנדערן אָן) גאָט מיי-נער, גייט אייך געזונטערהייט — איך קען קיין רחמנות נישט פאַר-טראָגן ! לאָזט מיך אָטעמען !

טוויסדען ווינקט צו קאַלפאַרדן און מאַרגאַרעטן, אַז זיי זאָלן גיין ; ווען ער דרייט זיך אויס צו דענסין, פאַרלאָזן זיי די שטוב. אויך גרייוויטער גייט-צו צו דער טיר. דער גענעראַל בלייבט אומבאַוועגלעך זיצן. גרייוויטער גייט-אַפּ

טוויסדען

נו ?

דענסי

איך גיי אַהיים, כּדי די געשיכטע מיט מיין פרוי צו ברענגען אין אָרדנונג. גענעראַל קענינדזש, איך ווייס אַליין נישט רעכט, פאַר-וואָס אייגנטלעך איך האָב דידאָזיקע פאַרשאַלטענע זאַך געטון. אָבער עס איז שוין געשען און עס לאָזט זיך דאָ שוין גאָרנישט ענדערן.

קענינדזש

דענסי, צוליבן אָנזען פון דער אַרמיי, אויב ס'איז מעגלעך, מיידט-אויס יעדן ווייטערדיקן סקאַנדאַל. איך האָב דאָ געשריבן אַ בריוו צו איינעם פון מיינע פריינט אין שפּאַנישן מלחמה-מיניסטעריום. ער וועט אייך פאַרשאַפן אַ פּאָסטן אין דער שפּאַנישער אַרמיי.

קענינדזש קלעפּט-צו דעם קאָנווערט



דענסי

זייער ליב פון אייך. כ'ווייס נישט, צי איך וועל דאָס קענען אויס-נוצן.

קענינדזש האַלט דעם בריוו, וועלכן טוויסדען גיט איבער דענסין. גרייוויטער עפנט ווידער די טיר

טוויסדען

וואָס איז געשען ?

גרייוויטער

דע לעוויס איז דאָ.

טוויסדען

דע לעוויס ? כ'קען אים נישט אויפנעמען.

דענסי

זאָל ער אַריינקומען !

נאָך אַ גאַנץ קורצן ישוב-הדעת שאָקלט טוויסדען מיטן קאָפּ, און גרייוויטער גייט אַרויס. די דריי וואַרטן שווייגנדיק, מיט די אויגן צו דער טיר גע-ווענדט — דער גענעראַל זיצט בײַם טיש, טוויסדען שטייט בײַ זיין שטול, דענסי צווישן אים און דער טיר רעכטס. דע לעוויס קומט אַריין און פאַר-מאַכט די טיר. בעת ער גייט צו צו טוויסדענען, פאַלט זיין בליק אויף דענסין און ער בלייבט שטיין

טוויסדען

איר ווילט מיט מיר רעדן ?

דע לעוויס

זיך די ליפּן נאַס-מאַכנדיק

יאָ. איך בין געקומען אַהער אייך זאָגן — אַז איך האָב געהערט — כ'האָב מורא, אַן אַרעסט-באַפעל איז אויפן וועג. איך האָב אייך געוואָלט קלאָר מאַכן — אַז נישט א י ך בין דער חייב אין דעם. איך וועל די זאַך נישט אונטערשטיצן. איך בין צופרידן. איך בין מוותר אויף מיין געלט. איך בין מוותר אפילו אויף די קאָסטן. דענסי, איר פאַרשטייט ?

דענסי ענטפערט נישט, נאָר ער קוקט אים אָן — זיין פּנים איז אומבאַוועגלעך, נאָר די פלאַמעדיקע אויגן רוען נישט

טוויסדען

מיר דאַנקען אייך, מיין הער. ס'איז געווען אָנשטענדיק פון אייך צו קומען אַהער.

דעלעוויס

מיט אַ פּלוצלינג אויסברעכנדיקן שטאָלץ

פאַרשטייט מיך נישט פאַלש. איך בין נישט געקומען אַהער, ווייל איך פיל קריסטלעך; איך בין אַ ייד. איך וויל נישט קיין געלט — אפילו נישט דאָס באַ מיר געגנבעטע. גיט עס אַוועק פאַר אַ וווילטעטיקן צוועק. מיין רעכט איז דערוויזן. און איצט בין איך מיט דער פאַרשאָלטענער זאַך פאַרטיק. אַ גוטן מאָרגן!

ער מאַכט פאַר קענינדזשן און טווויסדענען אַ קליינע פאַרבייגונג און דרייט זיך אויס צו דענסין, וועלכער האָט זיך נישט גערירט. ביידע שטייען אומבאַוועגלעך אויף אַן אָרט, אַנקוקנדיק איינער דעם צווייטן, דערנאָך ציט דעלעוויס מיט די אַקסלען און גייט אַרויס. נאָך זיין אַוועקגיין הערשט אַ שטילשווייגן

קעניגדזש

מיט'אַמאָל

איר האָט געהערט, וואָס ער האָט געזאָגט, דענסי. נישטאָ קיין צייט צו פאַרלירן.

דענסי רירט זיך אָבער ווייטער נישט

טוויסדען

קאַפּיטאַן דענסי?

לאַנגזאַם, נישט אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, כמעט ווי אַ פאַרחלומטער, גייט דענסי דורך דער שטוב צו דער טיר אַרויס

פאָרהאַנג.



# דריטע סצענע.

מיין־שטוב באַ די דענסיס, מיט אַ פּאָר מינוטן שפּעטער.

מייבל דענסי זיצט אַליין אויף דער סאָפע, אַ צייטונג אויפן שויס; זי איז אָקאָרשט אויפגעשטאַנען און האָלט אַ שמעק־פלעשעלע אין דער האַנט. צוויי אָדער דריי אַנדערע צייטונגען ליגן אויף דער סאָפע צעוואָרפן. זי וואַרפט אַראָפּ די איינע פון שויס און נעמט אַן אַנדערע, גלייך ווי זי וואָלט זיך נישט געקאָנט פון זיי שיידן; לייגט זי ווידער אַוועק, קוקט פאַר זיך מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און שמעקט צום פלעשעלע. די טיר רעכטס ווערט געעפנט, און דענסי קומט אַריין.

מייבל

פאַרבליפט

ראָני! מוז איך גיין אין געריכט?

דענסי

ניין.

מייבל

וואָס דען איז געשען? פאַרוואָס ביסטו צוריקגעקומען?

דענסי

געענדיקט.

מייבל

מיט אַן אויסדרוקלאָזן בליק

געענדיקט? וואָס הייסט? וואָס איז געענדיקט?

דענסי

דער פּראָצעס. זיי האָבן אים געפונען — דורך דידאָזיקע באַנקנאָטן.

מייבל

אָ! (זאָגט שאַרף אַנקוקנדיק) ווען?

דענסי

פֿין!

מייבל

נאָך אַ װײַלע

ניין, ראָני, ניין! ניין!

זי פֿאַרגראָבט דאָס פּנים אין סאָפֿע־קישן

דענסי קוקט אויף איר צראָפּ

דענסי

אַ שאָד, װאָס דו האָסט מיט דריי חדשים צוריק קיין אַפֿריקע נישט געװאָלט פֿאָרן.

מייבל

פֿאַרװאָס האָסטו עס מיר דעמאָלט נישט געזאָגט? איך װאָלט געװען פֿאָרן.

דענסי

דו האָסט געװאָלט האָבן דעם פּראָצעס. נו, אָט איז געקומען די קאַטאַסטראָפֿע.

מייבל

אָ! פֿאַרװאָס האָב איך דערמיט נישט געקאָנט שלום מאַכן? אָבער איך האָב עס נישט געקענט — איך האָב געמוזט אין דיר גלייבן.

דענסי

און איצט קענסטו עס מער נישט. דאָס איז דער סוף, מייבל!

מייבל

צו איר צערימקוקנדיק

ניין!

דענסי פֿאַלט פּלוצלינג פֿאַר איר אויף די קני און כאַפּט אָן איר האַנט

דענסי

זײַ מיר מוחל!



מייבל

לייגט אים די האַנט אויפֿן קאָפּ

יאָ, אָ יאָ! איך גלייב, אַז איך האָב עס שוין לאַנג געװוּסט. אָבער — פֿאַרװאָס? װאָס האָט דיך דערצו געטריבן?

דענסי

שטייט אויף און רעדט האַסטיק

ס'איז געװען אַ משוגעת; אָבער — צום טייװל! — איך האָב נאָר דעם גנב באַגנבעט. דאָס געלט איז געװען מיין פּונקט אַזוי גוט װי זיין. אַן אָנשטענדיקער מענטש װאָלט מיר געװען די העלפֿט אָנגעבאָטן. דו האָסט נישט באַמערקט, װי דער שנעק האָט מיך דאַמאָלס באַם אָװנט־מאָל אָנגעקוקט, װי ער װאָלט װעלן זאָגן: „דו אומגליקלעכער אידיאָט!" ס'האָט מיך משוגע געמאַכט. דאָס איז נישט געװען קיין פּשוטער שפּרונג — צװיי מאָל אַהין און צוריק. קיין שום זאַך האָט בעת דער מלחמה נישט פֿאַרלאַנגט אַזוי פֿיל מוט. (פֿאַרביסן) דער אָװנט דאַמאָלס האָט מיך גוט געװיילט.

מייבל

אָבער — געלט! און עס נאָך צונעמען!

דענסי

פֿינסטער

יאָ, אָבער איך האָב דאָך געהאַט אַ חוב צו סילוקן.

מייבל

אַ פֿרוי?

דענסי

אַן ערן־חוב — איך האָב עס נישט געקענט אָפּלייגן.

מייבל

ס'האָט זיך געהאַנדלט — ס'האָט זיך אַלזאָ געהאַנדלט װעגן אַ פֿרוי. ראָני, זאָג נישט לענגער קיין ליגן!

דענסי

בייז

יאָ! איך האָב די זאַך געװאָלט פֿון דיר פֿאַרהוילן. איך האָב גע־

האָט טויזנט פונט צוגעזאָגט. כ'האָב יענעם טאָג באַקומען אַ בריוו פון איר פאָטער, וועלכער האָט געדראָט, אַז ער וועט עס דיר זאָגן. טויזנטפונטיגע, ווען דערדאָזיקער לא־יצלח וואָלט פון מיינע קונץ־שטיק נישט געווען חוזק מאַכן —! אָבער וואָס נוצט דאָס אַלץ איצט? (פינסטער) נו — דאָס וועט אפשר דיין ליבע צו מיר אָפּוועק־רויבן. פאַרפאַלן, מייב; איך בין דיר קיינמאָל נישט ווערט געווען, און איצט בין איך קאַפּוט.

מ י י ב ל

די פרוי — האָסטו — זייט דאַמאָלס — — — ?

ד ע נ ס י

ענערגיש

ניין! דו ביסט געקומען אויף איר אָרט. אָבער ווען דו וואָלסט געוווסט, אַז איך האָב צוליב דיר געוואָלט אַן אַנדערע פאַרלאָזן, וואָלסטו מיט מיר נישט חתונה געהאַט.

ער גייט צו צום קאַמין

אויך מייבל האָט זיך אויפגעשטעלט. זי פרעסט צונויף די הענט קעגן שטערן, דערנאָך גייט זי, נישט זעענדיק קיין שום זאַך, הינטער די סאָפע און בלייבט שטיין, קוקנדיק גלייך פאַר זיך.

מ י י ב ל

קאַלט

וואָס האָט זיך אייגנטלעך פאַרלאָפן?

ד ע נ ס י

סיר פרעדעריק האָט זיך אָפּגעזאָגט ווייטער צו פירן דעם פּראָצעס. איך האָב גערעדט מיט טוויסדענען; איך זאָל תיכף פאָרן קיין מאַראָקאָ.

מ י י ב ל

אין די מלחמה?

ד ע נ ס י

אַן אַרעסט־באַפעל זאָל שוין זיין אונטערוועגס



מ י י ב ל

אַ פאַרפאָלגונג? תפיסה? אָך, פאָר באַלד! וואַרט נישט קיין איין מינוט! פאָר שוין!

ד ע נ ס י

דער שלאַק זאָל זיי אַלע טרעפן!

מ י י ב ל

אָך, ראָני! כ'בעט דיך! כ'בעט דיך! לייג דיר איבער, וואָס דו דאַרפסט. איך וועל עס דיר איינפּאַקן. גיך! ניין! וואַרט נישט אויף די זאַכן. האָסטו געלט?

ד ע נ ס י

שאָקלט מיטן קאָפּ, דערנאָך

דאָס איז אַלזאָ דער אָפּשייד.

מ י י ב ל

נאָך אַ גאַנץ קורצן קאַמף

אָ, ניין! ניין, ניין! איך וועל דיר נאָכקומען — איך וועל דיר נאָכקומען אַהין.

ד ע נ ס י

דו ווילסט אַלזאָ בלייבן מיט מיר?

מ י י ב ל

נאַטירלעך וועל איך בלייבן מיט דיר.

דענסי כאַפּט אָן איר האַנט און פירט זי צו צו די ליפּן. מען קלינגט

מ י י ב ל

דערשראָקן

ווער איז דאָס?

מען קלינגט ווידער. דענסי גייט־צו צו דער טיר

מ י י ב ל

ניין! לאָז מיך!

די גייט פאַר אים פאַרביי און שלייכט זיך אַהין צו דער קאָרידאָר־טיר.

פאר וועלכער זי בלייבט שטיין און הארכט. מען קלינגט ווידער. זי קוקט דורך דער שפארע פון בריוו-קאסטן. דענסי שטייט גאנץ שטיל, ביז זי קומט צוריק

מ י י ב ל

דורך דעם בריוו-קאסטן — קען איך זען — — ס'איז — ס'איז די פאליציי! אך גאט!... ראני! איך קען עס נישט איבער-טראגן!

ד ע נ ס י

האב נישט קיין מורא, מייב! לאז זיי גארנישט באמערקן!

מ י י ב ל

וואס עס זאל נישט געשען, איך וועל דיך תמיד ליב האבן. אויב מ'וועט דיך איינזעצן — וועל איך אויף דירווארטן! פארשטייסט? ס'איז מיר אלציינס, וואס דו האסט געטון — ס'איז מיר אלציינס! איך וועל זיין פונקט די אייגענע, ווען דו וועסט צו מיר צוריק-קומען.

ד ע נ ס י

בעלאסן

דאס ליגט נישט אין דער מענטשלעכער טבע.

מ י י ב ל

אבער אין מ י י ן טבע ליגט עס יא.

ד ע נ ס י

איך האב דיין לעבן מיט שמוץ באווארפן.

מ י י ב ל

ניין, ניין! קוש מיך!

א לאנגער קוש, ביז א נייער קלינג רייסט זיי ווידער פאנאנדער א מאל קלאפן

ד ע נ ס י

זיי וועלן די טיר אויפברעכן. עס וועט גארנישט נוצן — מיר מוזן



אויפמאכן. האלט זיי א ביסל אויף. איך דארף נאך איין אדער צוויי מינוטן.

מ י י ב ל

ארומקלאמערנדיק אים

ראני! אך ראני! עס וועט נישט לאנג דויערן — איך ווארט אויף דיר! איך ווארט אויף דיר — איך שווער עס דיר צו!

ד ע נ ס י

מוט, מייב! (ער לאזט זי ארויס פון זיינע ארעמס) אלזא!

ער עפנט די טיר פון שלאף-שטוב און ווארט, אז זי זאל גיין אויפמאכן. זי נעמט צוזאמען אירע כוחות און גייט ארויס אויפשליסן די קארידאר-טיר. פלוצלינג איז דענסיס פנים משנה-צורה. צוערשט זעט עס אויס ווי פארשטיינערט, ביז עס באקומט ביסלעכווייז די מראה כמעט פון א צעדולטן

ד ע נ ס י

מיט א פארכאפטן אטעם

ניין! ניין! בא גאט! ניין!

ער גייט אין שלאף-שטוב און פארשליסט די טיר

מייבל האט דערווייל געעפנט די קארידאר-טיר און מען זעט דעם זשאנדאר-מעריע-אינספעקטאר דער און דעם יונגן זשאנדארם. וואס זענען אין דער נאכט פון דער גנבה געקומען קיין מעלדאן קורט און אלס עדות אין פראצעס פארהערט געווארן. מ'הערט זיי רעדן

מ י י ב ל

ביטע?

א י נ ס פ ע ק ט א ר

איז קאפיטאן דענסי אינדערהיים, גנעדיקע פרוי?

מ י י ב ל

איך ווייס עס נישט באשטימט — דאכט זיך, אז ניין.

א י נ ס פ ע ק ט אָ ר

איך וואָלט וועלן מיט אים איין מינוט רעדן. וואַרט צו דאָ, גראָ-הער. ביטע, גנעדיקע פרוי!

מ י י ב ל

ווילט איך אַריינגיין, ביז איך וועל נאָכזען?

זי קומט אַריין אין שטוב, באַגלייט פון אינספעקטאָר

א י נ ס פ ע ק ט אָ ר

נו, דאָס מוזט איר דאָך וויסן, גנעדיקע פרוי. ס'איז דאָך נישט קיין גרויסע דירה.

מ י י ב ל

ער האָט זיך איבערגעטון, כדי אַרויסצוגיין. איך גלייב אַז ער איז שוין אַוועק.

א י נ ס פ ע ק ט אָ ר

וווהין פירט די דאָזיקע טיר?

מ י י ב ל

אין אונזער שלאָף-שטוב.

א י נ ס פ ע ק ט אָ ר

צו איר צוביינענדיק

אויב אַזוי איז ער אוודאי דאָרט.

מ י י ב ל

וואָס איז אייער באַגער, אינספעקטאָר?

א י נ ס פ ע ק ט אָ ר

ווייך הערנדיק

אַלזאָ, גנעדיקע פרוי, עס לאָזט זיך לענגער נישט פאַרשווייגן. איך באַדויער שטאַרק, אָבער איך האָב אַ באַפעל אים צו אַרעסטירן.

מ י י ב ל

אינספעקטאָ



א י נ ס פ ע ק ט אָ ר

גלייבט מיר, איך באַדויער אייך פון גאַנצן האַרצן, גנעדיקע פרוי; אָבער איך מוז מיין פאָרשריפט אויספירן.

מ י י ב ל

און מיר דאָס האַרץ צעברעכן?

א י נ ס פ ע ק ט אָ ר

יאָ, גנעדיקע פרוי, דערמיט — דערמיט טאָרן מיר זיך נישט רע-כענען. געזעץ איז געזעץ.

מ י י ב ל

זענט איר באַווייבט?

א י נ ס פ ע ק ט אָ ר

יאָ.

מ י י ב ל

ווען איר — אייער פרוי — —

דער אינספעקטאָר הייבט אויף די האַנט מיט אַ בעטנדיקער מינע

מ י י ב ל

שטיל

נאָר אַ האַלבע שעה! גייט עס נישט? עס האַנדלט זיך דאָך וועגן צוויי לעבנס — וועגן צוויי-מענטשן-לעבנס! מיר זענען ערשט פיר חדשים נאָך דער חתונה. קומט אין אַ האַלבער שעה ווידער. דאָס קענט איר דאָך אַזוי לייכט טון — קיין שום מענטש וועט דערפון נישט וויסן. קיין שום מענטש, נישט אמת?

א י נ ס פ ע ק ט אָ ר

ביטע, גנעדיקע פרוי — איר ווייסט דאָך, וואָס מיין פליכט איז.

מ י י ב ל

אינספעקטאָר, איך באַשווער אייך — נאָך אַ האַלבע שעה!

אינספּעקטאָר

ניין, ניין — פּרוּווט גאָרנישט מיך אָנרעדן דערצו? — איך באַדויער אייך זייער; אָבער פּרוּווט דאָס גאָרנישט!

ער פּרוּווט די קליאַמקע, דערנאָך קלאַפּט ער אין דער טיר

דענסיס קול

איין מינוט!

אינספּעקטאָר

פאַרשלאָסן. (שאַרף) האָט די שטוב נאָך אַן אַנדערע טיר? זאָגט עס גלייך!

מיקלינגס

אינספּעקטאָר

צו דער טיר לינקס, צום זשאַנדאַרם

ווער איז אינדרויסן?

זשאַנדאַרם

אַ דאַמע און אַ הער, הער אינספּעקטאָר.

אינספּעקטאָר

וואָס פאַר אַ דאַמע און — — ? בלייבט דאָרט שטיין, גראַווער!

דענסיס קול

אַזוי! איצט קאָנט איר אַריינקומען.

מיהערט דאָס גערויש פון אַ שלאָס, וועלכעס ווערט אויפגעשלאָסן און פּמצט באַלד דערנאָך דעם קנאַל פון אַ רעוואָלווער-שאָס פון דער שלאָף-שטוב. מיבל וואַרפט זיך צו דער טיר, רייסט זי אויף און פאַרשווינדט, באַגלייט פון אינספּעקטאָר, אין דער זעלבער רגע קומען פון קאָרידאָר אויס אַריין מאַרגאַרעט אַרמע און קאַלפאָרד און הינטער זיי דער זשאַנדאַרם. אויך זיי אײַלן זיך אַלע צו דער טיר פון דער שלאָף-שטוב, אין וועלכער זיי פאַרשווינדן אויף אַ ווײַלע; דערנאָך קומען קאַלפאָרד און מאַרגאַרעט ווידער אַריין און האַלטן אונטער מייבלען, וועלכע זיי לייגן אַ פאַרחלשטע אויף די סאָפע. קאַלפאָרד נעמט איר אַרויס אַ קאָנווערט פון דער האַנט און רייסט אים אויף



קאַלפאָרד

ס'איז צו מ י ר אַדרעסירט (ער לייענט דעם בריוו שטיל פאַר מאַרגאַרעטן) „ליבער קאַלפאָרד! דאָס איז דער איינציקער אָנשטענדיקער אויסוועג, וואָס איז מיר געבליבן. עס וואָלט געווען שוין צו נידערטרעכטיק לגבי איר. ס'איז דאָך גאָר ווידער אַ שפּרונג, אַ רעוואָלווער בלייבט געטריי. געדענק אין איר, קאַלפאָרד — איך גריס זי און דיך!

פון מאַרגאַרעטס ברוסט רייסט זיך אַרויס אַ דערשטיקט שלוכצן; דערנאָך באַמערקט זי דאָס שמעק-פלעשעלע, כאַפּט עס גיך און נעמט זיך מונטערן מייבלן

קאַלפאָרד

לאָזט זי אָפּ! וואָס לענגער זי איז נישט באַם באַוווּסטזיין, אַלץ בעסער,

אינספּעקטאָר

דאָס איז אַ זייער ערנסטע אָנגעלעגנהייט

קאַלפאָרד

שטרענג

יאָ, אינספּעקטאָר! איר האָט מיין בעסטן פריינט געטראָ

אינספּעקטאָר

איך, הער? ער האָט זיך אַליין דערשאָסן.

קאַלפאָרד

האַראַקירי.

אינספּעקטאָר

ביטע?

קאַלפאָר

מייזנדיק מיטן בריוו אויף מייבל

צוליב איר און צוליב זיך.

אינספּעקטאָר

די האַנט געבן בריוו אויפשטרעקנדיק

דעם בריוו וועל איך דאַרפן, הער.

### קאַלפּאַרד

צאַרניק

די אויספאָרשונגס-קאָמיסיע וועט אים לייענען. ביז דאַמאָלס — ער איז צו מיר געשריבן און איך וועל אים האַלטן.

### אינספּעקטאָר

נו, גוט! ווילט איר אים זען?

קאַלפּאַרד גייט גיך אין די שלאָף-שטוב, פון אינספּעקטאָר באַגלייט. מאַרגאַרעט בלייבט קניען בײַ מײַבל

קאַלפּאַרר קומט גיך צוריק. מאַרגאַרעט קוקט צו אים אַרויף. ער בלייבט גאַנץ רויק שטיין אויף אַן אָרט

### קאַלפּאַרד

גלייך אין האַרץ אַריין.

### מאַרגאַרעט

ווילד

בלייבט געטריי! מיר אַלע האָבן דאָס געטון. אָבער דאָס איז נישט גענוג.

### קאַלפּאַרד

אויף מײַבל אַראָפּקוקנדיק

גוט אַזוי, ליבער חבר!

### פאָרהאַנג.

—

